# די יודישע פֿאַמיליע

## אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל

## פֿיר ליטעראַטור און וויסענשאַפֿט.


פֿערלאַג: חברת „אח־אסף".

תמוז תרס"ב. II. באנד. ערשטעס העפֿט. JULI 1902.


אינהאַלט:




אבאָנאַמענטס־פּרייז

פֿיר עסטרייך־אונגאַרן:

יעהרליך . . . . 10.— קראָנען

האַלביעהרליך . . 5.— „

פֿיערטיליעהרליך . 2.50 „

איין איינצעלט העפֿט 80 העללער.

פּרייז פֿאַר די יעהרליכע אַבאָנענטען פֿון דער צייטונג „דער יוד": נור — 3½ קראָנען (מיט פּאָרטאָ) (3 מאַרק, 3 שיללינג, 4 פֿראַנק).

דער פּרייז פֿיר רוסלאַנד:

גאַנץ־יעהרליך . . . . 4 רובל

האַלביעהרליך . . . . 2 „

פֿיערטיליעהרליך . . . 1 „

פֿאַר די יעהרליכע אַבאָנענטען פֿון דער צייטונג „דער יוד": נור 1 רובל (מיט פּאָרטאָ 1.50).

פּרייז פֿיר יעדעס העפֿט — 40 ק.

פּרייז פֿון מודעות:

1 זייטע 20 רובל, ½ זייטע 12 ר.

¼ זייטע 6 רובל, ⅛ זייטע 3 ר.

אדרעסע:

Administration „Die Jüdische Familie"

Krakau, Gertrudy 16.

פֿיר רוסלאַנד:

Изд. Ахiасафъ, Варшава.

קראקא

דרוק פֿאָן יוסף פֿישער (גראָדגאַססע 62).

פערלאג „אחיאסף“.

2 רובעל
א יאָהר

# „דער יוד“
## צווייטע ביליגע אויסגאבע

1 רובעל
א האַלב יאָהר

שוין דאָס פיערטע יאָהר זייט „דער יוד“ עקסעסטירט. שוין באַלד 4 יאָהר שטעהט ער אויף דער וואך און ערפילט טריי די ארבייט וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. אין דער צייט פון זיין עקזיסטענץ האָט „דער יוד“ שוין בעוויעזען וואָס ער איז און פאר וועמען ער איז, און דאריבער האָט ער ניט מעהר נויטהיג זיך פון דאָס ניי פאָרצושטעלען און זיך ריהמען.

אמת, מיר ווילען דאָכיט נישט זאָגען, אז „דער יוד“ איז אין גאַנצען פריי פון פעהלער; קיין זאך אויף דער וועלט איז כתכלית השלמות, גאָר אָהן חסרונות. מען וואַרפט דעם „יוד“, למשל, פאר, אז בשעת ער בעהאנדעלט די אָדער יענע ערנסטערע פראַגע, לאָזט ער זיך נישט גאַנץ אראָב נידריג צו די פראָסטערע קלאסען פון פאָלק, נאָר ער הויבט זיי אויף צו זיך. און מיר זענען מודה: דאָס איז אפשר א פעהלער.

מיר זעהען אבער דאגעגען נישט איין, דאָס כדי דעם פעהלער צו פערמיידען, זאָל כדאי זיין „דער יוד“ זאָל זיך ענטזאָגען פון צו בעהאנדלען זעהר וויכטיגע ענינים, מעהר נישט דערפאר, וואָס זיי זענען לכתחילה נאָך אפשר נישט אזוי לייכט פערשטענדליך פאר'ן המון.

אדרבא, מיר מיינען, אז דורכדעם וועט מען ביסליכווייז צוגעוועהנען אויך דעם פראָסטען עולם, דעם המון, וועלכער איז, ווי יעדער מוז מודה זיין, ביי אונז דאָך נישט אזוי פּראָסט — לערנען און פערשטעהן וויכטיגערע און ערנסטערע זאכען און ער וועט מיט דער צייט אויפ־הערען צו זיין פּראָסט.

עס איז אונז אונליעב זיך אריינלאָזען אין וכוחים און בעווייזען, ווי ווייט דער וועג פון דעם „יוד“ איז דער ריכטיגסטער, בפרט אז „דער יוד“ איז דאָך לכל הדעות נישט אומעטום און נישט שטענדיג „צו טיעף“, און ווי ווייט מעגליך, בעמיהט ער זיך דאָך תמיד אויך אין העכערע ענינים צו זיין פּאָפּולער און לייכט צום פערשטעהן, נאָר מיר ווילען זאָגען, דאָס מיר זענען פעסט איבערציינט אז „דער יוד“ מוז ווייטער געהן דעם זעלבען וועג, נישט זיך צו נידריג ארונטערלאָזען צום פּראָסטען עולם, נאָר אומגעקעהרט ביסליכווייז ארויפהייבען דעם המון צו זיך. נאָר מיט אזא וועג, רעכנען מיר, קאָן מען דאָס פאָלק בילדען און פון קינדער מאכען מענשען.

מיר קענען אָבער אויך נישט זאָגען, דאָס מיר זענען איבערציינט, אז יענע פאָלקס־פערזאָרגער, וועלכע נעהמען אונזער המון אזוי שטארק אין שוטץ, האבען אין גאַנצען אונרעכט, בעהויפּטענדיג דאָס פאר דעם פּראָסטען עולם, אָדער ריכטיגער פאר דעם אָרימען עולם איז „דער יוד“ נישט צוגענגליך. זעהר מעגליך! נאָר נישט ווייל די ענינים, די פראגען, וואָס ווערען אין דעם „יוד“ בעהאנדעלט זענען פאר'ן אָרימאן צו הויך, נאָר ווייל דער פּרייז איז פאר איהם צו טייער.

פאר'ן אָרימען יודישען בעל־מלאכה, פאר'ן לאסט־טרעגער אד"ג איז 5 אָדער 4 רובל א יאָהר פאר א צייטונג צו בעצאָהלען איין עולם ומלואו; רעדט מיט איהם, ווען איהם פעהלט אויף ברויט, אויף וואָס פאר א לשון איהר ווילט, איז ער דאָך נישט אומשטאנד אויסצוגעבען עטליכע רובל אויף גייסטיגע נאהרונג. נישט זיין פּראסטקייט נאָר זיין אָרימקייט ליגט איהם אין וועג!

„דער יוד“, וואָס איז נאָך זיין אינהאלט דאָס וואָס ער איז, און וואָס ער מוז זיין, וועט אויך ווייטער אזוי בלייבען. „דער יוד“ וועט נישט אויפהערען זיך מעהר און מעהר צו פערפאָלקאָמען און געבען אלע קלאסען פון אונזער פאָלק א געזונדטע און גוטע נאהרונג.

# יְהוּדָה בֶּן הַלֵּוִי.

(פראגמענט)

פון

## היינריך היינע.

איבערזעטצט פון דייטש דורך י״ל ברוכאוויטש. בערן.

I.

„קלעפּען זאל מיין צונג אן גומען
און אבדארען זאל מיין רעכטע
האנד מיר, אויב איך וועל פערגעסען
דיך אמאל. ירושלים—"

אט די ווערטער מיט'ן נגון
זומען היינט מיר אהן א'נ'אויפהער
אין מיין קאפּ, מיר דאכט, איך הער אויך
שטימען, וועלכע זינגען תהלים —

און ערשיינען ווען איך אפטמאל
לאנגע שאטענדיגע בערד אויך.—
טרוים־געשטאלטען, ווער פון אייך איז
רב יהודה בן הלוי ?

דאך זיי שוועבען ראש פאראיבער;
מורא האבען די געשפּענסטער
פאר דער שפּראך פון די וואס לעבען —
אבער דאך האב איך דערקאנט איהם —

איך האב איהם דערקאנט נאכ'ן בלייכען
און געדאנקענשטאלצען שטערן,
נאך די' אויגען זיס, וואס האבען
אנגעקוקט מיך שמערצליך פארשענד —

דאך נאך מעהר האב איך דערקאנט איהם
נאך דעם וואונדערבארען שמייכעל
אויף דעם צווילינג שענע ליפּען,
וואס מע זעהט נור ביי א דיכטער.

יאהרען קומען און פערגעהען.
זייט יהודה בן הלוי
איז געבארען, זענען זיעבען
הונדערט פינפציג יאהר פערפלאסען.[1]

אין קאסטיליענס שטאדט טאלעדא
איז ער אויף דער וועלט ערשיענען
און דער גאלדענער טייך טאַהָ
האט זיין וויעגענליעד געלולעט.

פאר די בילדונג פון זיין גייסט האט
פריה געזארגט זיין שטרענגער פאטער
און דעם למוד אנגעהויבען
מיט גאטס ספר, מיט דער תורה.

[1] ר' יהודה הלוי איז געבארען אין יאהר 1080. דאס יאהרצאל זיעבען הונדערט פינפציג פאלט אין די צייט ווען דאס געדיכט איז פערפאסט געווארען — אין די פערציגער יאהרען פון פאריגען יאהרהונדערט.

און געלייענט מיט דעם יונגעל
האט ער עס אין אלטען מקור,
וואס זיין אויסגעמאלט און שענע
אלט אשורית'ע קוואדראטשריפט

שטאמט אב פון דער צייט, בעת נאך
אונזער וועלט איז יונג געוועזען,
און דעריבער לאכט עס פריינדליך
יעדעם קינדס געמיט אנטקעגען.

אט דעם עכטען, אלטען מקור
האט געלייענט אויך דאס יונגעל
מיט דעם אלטען מאדנעם נגון,
וועלכער טראפ ווערט אנגערופען.

און געגנארגעלט האט ער ליעבליך
יענע נארגעלדיגע טענער,
און געטרילערט ווי א פויגעל
אויך דערצו נאך דעם שלשלת.

אויך דעם תרגום אונקלוס, וואס
איז געשריבען אין דעם פלאטען
און פערקעהרטען יודיש-לשון,
וואס מע רופט עס אן ארמית,

און וואס גלייך איז צו דער שפראך פון
די נביאים פונקט ווי גלייך איז
שוואביש לשון קעגען הויכדייטש –
דאס פערקעהרטע לשון קודש

האט געלערענט פריה דאס יונגעל,
אין דאס וויסען האט איהם נוצען
באלד געבראכט, בעת גמרא
האט ער לערנען אנגעהויבען.

יא, גאנץ פריה שוין האט דער פאטער
איהם אריינגעבראכט אין תלמיד.

און דא האט זיך איהם געעפענט
די הלכה, אט די גרויסע

פעכט-שול, וואו מלחמות-שפיעלען
האבען אבגעהאלטען גרויסע
שכלדיגע ראנגלערס פון דער
פומבדיתא און פון בבל.

אלע קונסטשטיק פון דעם פלפול
האט געלערענט דא דאס יונגעל.
און זיין מייסטערשאפט געוויזען
האט נאכדעם זיין בוך כוזרי.

אבער צווייפאך איז דאס ליכט וואס
גיסט פון הימעל זיך ארונטער:
בלענדענד זונענליכט בייטאג, און
מילדעס ליכט פון דער לבנה.

פונקט אזוי אויך לייכט דער תלמוד
צווייפאך, און מען טהיילט איהם איין אין
די הלכה און הגדה.
ערשטע רוף איך אן א פעכט-שול –

אבער די הגדה וויל איך
רופען מיט דעם נאמען גארטען,
יא א גארטען הויך פאנטאסטיש,
וואונדערבאר און גלייך צו יענעם,

וועלכער פון דער ערד פון בבל
איז אמאל ארויסגעשפראצט אויך,
ס'גארטען פון דער שמירמית –
פון דער וועלט דאס אכטע וואונדער.

אשור'ס מלכה שמירמית, [2]
וועלכע ס'האבען אין איהר קינדהייט
פייגעליך ערצויגען, האט מאנך
פויגלען-שטייגער אנגענומען.

---

[2]) איבער די קעניגען פון אשור, שמירמית, וועלכע איז בעריהמט דורך איהר חכמה דורך די גרויסארטיגע בנינים, וואס זי האט געבויט אין בבל, און בעזונדערס דורך די

זי האט ניט געוואלט שפאציערען
אויף דער פלאכער ערד, ווי
אלע בהמות, און אין דער לופט
האט זי זיך געפלאנצט א גארטען.

הויך געגלענצט אויף ריזענזיילען
האבען פאלמען און ציפרעסען,
גאלדאראנזשען, בלומענבייטען,
מארמארבילדער און פאנטאנען.

אלעס קלוג און פעסט פערבונדען
דורך הענגבריקען, וועלכע האבען
אויסגעזעהן ווי פלונטערפלאנצען, —
פויגלען האבען זיך געוויעגט דארט.

גרויסע, בונטע, ערנסטע פויגלען,
טיעפע דענקערס, און געפלאטערט
אום זיי האבען מיט געטרילער
קליינוואַרג, לוסטיג ציזשיק־פיינעל —

אלע אטהמען איין מיט תענוג
זיסע, ריינע באלזאם־ריחות,
אונפערמישט און אונפערדארבען
פון דעם ערדגערוך דעם שלעכטען.

די הגדה איז א גארטען
פון זאלך קינדערישע פאנטאזיען,
און דער קליינער גמרא תלמיד,
בעת פערטויבט איהם און פערשטויבט האט

ס'ווּנגע הערין דער ווילדער שטרייט פון
דער הלכה, דער וכוח
איבער דאס שלימזל איי, וואס
האט געלייגט א הוהן אום יום טוב,

אדער איבער אנדערע שאלות
פונקט זא וויכטיג — ס'יונגעל איז גלייך
צו ערפרישען זיך אנטלאפען
אין די בליהענדע הגדה,

וואו די שענע, אלטע מעשיות,
און לעגענדעס פון מלאכים
און היסטאריעס פון אנוסים,
יום־טוב תפלות, קלוגע ווערטער,

אויך גוזמאות, גאר צום לאבען,
אלעס אבער קרעפטיג, גליהענד
פון אמונה, ווי געוואלטיג
האט געגלענצט דאס און געקוואלען! —

און דעם יונגעלס אידעל זעלע
האט געפאקט מיט מאכט די ווילדע
און משונה'דיגע מתיקות,
יענע וואונדערליכע שמערצלוסט.

יענער אונבעקאנטער שוידער,
וואס עס וועהט פון דער געהיימוועלט,
פון דעם געטליכען התגלות,
וואס מיר רופען אן פאעזיע.

אויך די קונסט פון דער פאעזיע,
יענע קלארע, שענע חכמה,
וואס מיר רופען אן די דיכטקונסט,
האט ענטדעקט זיך פריה דעם יונגעל,

און יהודה בן הלוי
איז א חוץ א גרויסער גאון
אויך געווארען גרויס אלס מייסטער
אין דער דיכטקונסט, גרויס אלס דיכטער.

„היינגעדיגע נערטנער" וואס זי האט געפלאנצט אויף הויכע זיילען אין דער לופטען, דער־צעהלט די זאגע, דאס איהר מוטער האט זי אין דער קינדהייט אוועקגעוואָרפען אין טיבען האבען זי אויפגעהאָדעוועט, ביז א בארמהערציגער פאסטוך האט זי צוגענומען צו זיך און אויפגעצויגען ווי א אייגענע טאָכטער.

יָא, גֶעוֶוען אִיז עֶר אַ דִיכְטֶער
גְרוֹיס אוּן גְלֶענְצֶענְד ווִי אַ שְׁטֶערְן,
פַאר זַיין פָאלְק אַ לִיכְט אוּן פַאקֶעל,
אַ גְרוֹיסאַרְטִיג וואוּנְדֶערְבַּארֶע

פֵייעֶרְזַייל פוּן זַאנְג אוּן שִׁירָה,
וֶועלְכֶע אִיז פָארְאוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פַאר דֶעם טְרוֹיעֶרְצוּג יִשְׂרָאֵל'ס
אִין דֶעם מִדְבָּר פוּן דֶעם גָלוּת.

זַיין אִין עֶכְט אָהְן שׁוּם הֶסְרוֹן
אִיז זַיין לִיעד ווִי זַיין נְשָׁמָה –
בְּעֵת דֶער בּוֹרֵא הָאט בֶּעשַׁאפֶען
זַיין נְשָׁמָה, הֶעכְסְט צוּפְרִידֶען

הָאט עֶר זִי אַ קִישׁ גֶעגֶעבֶען.
אוּן מֶען הֶערְט דֶעם קְלַאנְג פוּן קוּשׁ אִין

יֶעדֶעם לִיעד פוּן דִיכְטֶער, וֶועלְכֶעס
אִיז גֶעהֵיילִיגְט דוּרְך גָאטֶס גְנַאדֶע.

ווִי אִין לֶעבֶּען זָא אִין דִיכְטֶען
אִיז דָאס הֶעכְסְטֶער גוּטֶס דִי גְנַאדֶע –
וֶוער עֶס הָאט זִי קָאן נִיט פַאלְשֶׁען
נִיט אִין פֶערְזֶען, נִיט אִין פְּרַאזַא.

אַזַא דִיכְטֶער פוּן גָאטֶס גְנַאדֶע
רוּפֶען מִיר מִיט'ן נָאמֶען גֶענִיע,
אִין דֶער מְלוּכָה פוּן גֶעדַאנְקֶען,
אִיז עֶר הֶערְשֶׁער אֵיינְצִיג, מֶעכְטִיג.

גָאט אַלֵיין שְׁטֶעהְט עֶר צוּם מִשְׁפָּט
נִיט דֶעם פָאלְק – אִין לֶעבֶּען ווִי אִין
קוּנְסְט קָאן טֵייטֶען אוּנְז דָאס פָאלְק נוּר
אָבֶּער נִיט זַיין אוּנְזֶער שׁוֹפֵט.–

II.

„בַּיי דִי טַייכֶען בָּבֶל'ס זֶענֶען
מִיר גֶעזֶעסֶען אוּן גֶעווֵיינְט, דָארְט
אוֹיף דִי טְרוֹיעֶרוֶוערְבֶּעס הָאבֶּען
מִיר דִי הַארְפֶען אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען."

קֶענְסְט דוּ נָאךְ דָאס לִיעד, דָאס אַלְטֶע ?
קֶענְסְט דוּ נָאךְ דֶעם אַלְטֶען נִגוּן,
וָואס עֶס זוּמְט אִין אָנְפַאנְג טְרוֹירִיג
ווִי אַ קֶעסֶעל אוֹיף דֶעם פַייעֶר ?

לַאנְג שׁוֹין, גַאנְצֶע טוֹיזֶענְד יָאהְרֶען,
קָאכְט'ס אִין מִיר. אָ פִינְסְטֶערֶע שְׁמֶערְצֶען !
אִין דִי צֵייט לֶעקְט מַיינֶע וואוּנְדֶען,
ווִי דֶער הוּנְד דִי וואוּנְדֶען אִיוֹב'ס.

הוּנְד, אַ דַאנְק דִיר פַאר דַיין שְׁפַּייעֶכְץ !
דָאךְ דָאס קִיהְלְט מִיר אָב דֶעם בְּרַאנְד נוּר,
הֵיילֶען קָאן דֶער טוֹיט אַלֵיין מִיר –
אָבֶּער, אַךְ, אִיךְ בִּין נִיט שְׁטֶערְבְּלִיךְ !

יָאהְרֶען קוּמֶען אוּן פֶערְגֶעהֶען –
אִין דֶעם וֶועבְּשְׁטוּל לוֹיפְט גֶעשְׁווִינְד אוּם
הִין אוּן הֶער אוּן זוּמְט דִי שְׁפּוּלֶע –
וָואס זִי וֶועבְּט דָאס ווֵייס קֵיין וֶועבֶּער.

יָאהְרֶען קוּמֶען אוּן פֶערְגֶעהֶען,
מֶענְשֶׁענְטְרֶערְהֶרֶען טְרִיפֶען, רִינֶען,
אוֹיף דִי עֶרְד אַרוּנְטֶער, אוּן דִי
עֶרְד, אַךְ, טְרִינְקְט זֵיי שְׁטִיל אוּן גִיעֶרִיג.

ווִילְדֶער זוּד ! עֶס שְׁפְּרִינְגְט דֶער דֶעקֶעל –
וואוֹיל דֶעם מֶענְשֶׁען, וָואס עֶרְגְרַייפֶען
וֶועט זַיין הַאנְד דִי קִינְדֶער דַיינֶע
אוּן צֶערְשְׁמֶעטֶערֶען אָן פֶעלְזֶען !

דַאנְקֶען גָאט ! עֶס דַאמְפְּפְט דֶער זוּד אוֹיס,
בִּיסְלֶעכְווַייז וֶוערְט שְׁטוּם דֶער קֶעסֶעל,
אוּן עֶס לָאזְט מִיךְ אָב אַ רֶגַע
מַיין פֶערְפִינְסְטֶערְט מָרָה שְׁחוֹרָה.

און מײַן פֿליהדיג פֿערדיל [3] הירזשעט
װיעדער לוסטיג, אַבצושאקלען;
שײַנט׳ס פֿון זיך דעם שװערען קומער,
און די קלוגע אויגען פֿרעגען:

רײַטען מיר צוריק קײן שפּאַניען,
צו דעם קלײנעם תּלמודיסטען,
און דעם קינפֿטיג גרויסען דיכטער,
צו יהודה בן הלוי?

יאָ אַ גרויסער, געניאַלער
דיכטער איז פֿון איהם געװאָרען,
אױבערשענקטער טרוימװעלטהערשער.—
אַ פּאָעט פֿון גאָטעס גנאַדען.

און אין לידער און פּיוטים
אין פּזמונות און אין קינות,
אין ראמאַנצען און געזענגען
האָט ער אויסגעגאָסען אַלע

פֿלאַמען פֿון זײַן גאָט געקושטע
זעלע! אָט דער טרובאַדור איז
גלײַך געװעזען צו די בעסטע
מײַסטערזינגערס פֿון דער פּראָװאַנס, [4]

פֿון גיענע און פּאַטו,
רוסיליאָן און אַלע אַנדערע
זיסע פּאָמעראַנצענלענדער
פֿון די קריסטען די גאַלאַנטע.

זיסע פּאָמעראַנצענלענדער
פֿון די קריסטען די גאַלאַנטע!
װי זיי גלענצען, שמעקען, קלינגען
אין פֿאַרצײַטיגע זכרונות!

שענע װעלט פֿון נאַכטיגאַלען!
דאָרט האָט מען אַנשטאַט פֿון אמת׳ן
גאָט, געדיענט נור צו דעם פֿאַלשען
גאָט פֿון ליעבע און די מוזען. [5]

און געזונגען האָבען דאָרטען,
אויף די פּליכעס רויזענקראַנצען,
די גלחים דוד׳ס תּהלים
אין דעם שענעם לשון לאַנגדאָק.

און די װעלטליך אידלע ריטערס,
רײַטענדיג אויף פֿערד אויף שטאָלצע,
האָבען גראַמען פֿיעל געזונגען
לכבוד פֿון דער הערצענסדאַמע.

אָהן אַ דאַמע קיין שום ליעבע,
און ס׳איז פֿאַר׳ן מינעזענגער
נייטהיג פּונקט געװען די דאַמע
װי פֿאַר פּוטערברויט די פּוטער.

אויך דער העלד, װאָס מיר בעזינגען,
אויך יהודה בן הלוי
האָט געהאַט זײַן הערצענסדאַמע,
אָבער פֿון אַ׳נ׳אַנדער אַרט גאַנץ.

[3] אין דער געשטאַלט פֿון אַ געפֿליגעלטעם פֿערד, װאָס מען האָט גערופֿען פּעגאַזוס האָבען זיך די אַלטע גריעכען פֿאָרגעשטעלט דעם מיכטיגען שװאונג פֿון דער פּאָעזיע װעלכע טראָגט די דיכטער אין די װאונדערבאַרע פֿאַנטאַזיען־װעלט.

[4] טרובאַדור אָדער מינעזענגער האָבען זיך אין מיטעלאַלטער גערופֿען אַזעלכע װאַנדערנדע משוררים, װעלכע פֿלעגען אַרומפֿאָהרען פֿון אָרט צו אָרט און בעזינגען די שענקייט פֿון זייער געליעבטער דאַמע (מינעזענגער הייסט ליעבעס זינגער). בעזונדערס פֿערברייטעט זענען געװען די טרובאַדורען אין דרום פֿראַנקרייך, אין פּראָװאַנס און אין די אַנדערע פּראָװינצען, װעלכע הײַנט רופֿט דאַ אַן מיט׳ן נאָמען.

[5] די אַלטע גריעכען האָבען פֿערעהרט אַ בעזונדערן גאָט פֿון ליעבע, װאָס זײַן נאָמען איז געװען אַמור. די מוזען זענען געװען ניין געטינען פֿון דער פּאָעזיע, מוזיק און טאַנצקונסט.

זי איז נים געווען קיין לוירא, 6)
וועלבע האט מיט איהרע אויגען
אנגעצונדען אים קארפרייטאג
דעם בעריהמטען בראנד אין קירכע,

און געוועזען איז זי אויך נים
קיין שאטלענע, וואס געזעהען
אויבען אן איז ביי געפעכטשפיעל
און פערטהיילט די לארבערקראנצען,

זי איז נים געווען געלערענט
אין דעם קיצור-שלחן-ערוך,
און קיין שאלות נים געפסקעט
אין אוועד פון ליעבע-לומדים.

טרויריג, עלענד איז געוועזען
די געליעבטע פון דעם רבי,
ווי א יאמערבילד פון חרבן —
און דאס איז ירושלים.

פון די פריהע קינדעריאהרען;
האט ער גליהענד זי געליעבט שוין,
ציטערן האט געמאבט זיין זעלע
שוין דאס ווארט ירושלים.

אויפ'ן פנים פורפורפלאמען
האט שטיל צוגעהערט דאס יונגעל,
ווען א פילגער 7) קיין טאלעדא
איז פון מזרח-לאנד געקומען

און דערצעהלט, ווי וויסט און חרב
און פעראונרייניגט דער ארט איז,
וואו מע זעהט נאך גלענצען דארטען
די נביאים'ס ליכטע שפורען,

וואו געווירצט איז נאך די לופט דארט
פון נאטס אייביג באלזאם-אטהעם —
„א, דער יאמערליבער אנבליק!"
האט געזיפצט אמאל א פילגער

מיט א לאנגען, זילבערווייסען
בארד, וואס האט ביים שפיין געשווארצט זיך.
דאס כמעט האט אויפגעוויזען,
אז זיין יוגענד בליהט אויף ווידער,

א גאנץ וואונדערליבער פילגער,
ווי א שמערץ א טויזענדיעהריג
האט געקוקט איהם פון די אויגען,
און געזיפצט האט ער מיט טרויער

„ירושלים עיר הקודש!
ווי איז זי איצט וויסט און חרב!
שדים, וועלף, שאקאלען לויפען
דארטען אומעטום ארום זיך —

אין די מויערן איינגעפאלען
נעסטען שלאנגען און נאכטפויגלען,
פון די פענסטערס איינגעבראכען
קוקט ארויס דער פוקס צופריעדען.

דא און דארטען זעהט מען אפטמאל
א'נ'אראבער אבגעריסען,
אין דעם גראז דעם היבען פיטערט
ער זיין הויקערדיגען קעמעל.

אויף דעם טייערען בארג ציון,
וואו ערהויבען האט זיך דארטען
אין געשטראהלט פון גאלד די שטאלצע
פעסטונג פון דעם גרויסען מלך,

6) לוירא איז געווען די געליעבטע פון דעם גרויסען איטאליענישען דיכטער פעט־ראַרקע, וועלכער האט זי פעראייביגט אין זיינע פלאמענדע ליעדער. ער האט זי געזעהן צום ערשטען מאל אין קירכע אום „קארפרייטאג" (סטראסטנאיא פיאטניצא) און זי האט אנגעצונדען „א בראנד" (פערשטעהט זיך פון ליעבע) אין זיין הארצען.

7) פילגער הייסט א מענש, וואס וואנדערט אין די הייליגע ערטער.

דאָרט מיט ווילדע גראָז בעוואַקסען
ליגען איצט נור גראָע חורבות,
וועלכע קוקען אָן אונז טרויריג,
דאָס עס דוכט זיך, אַז זיי וויינען.

און מע זאָגט זיי וויינען טאַקע
איינמאָל אין דעם יאָהר אום ניינטען
טאָג פון חודש אָב; מיט אייגנע
אויגען אָנגעפילט מיט טרעהרען

האָב איך אויך געזעהן די דיקע
טראָפּענס רינען פון די מויערן,
און געהערט האָב איך דאָס קלאָגען
פון צובראָכנע טעמפּעל־זיילען" — —

אַט אַזעלכע פרומע מעשׂיות
האָבען אין הלוי'ס יונגען
האַרצען אויפגעוועקט אַ גליהענד
בייַנקען נאָך ירושלים.

דיכטער־בייַנקען! פול חלומות
און אונגליקליך איז עס געוועזען
זיי דאָס בייַנקען, וואָס ערגריפען
האָט אַמאָל דעם ריטער ווידאַם,

מעסער זשאָפרואַ רודעלאָ,
בעת צוריק־געקומען זענען
פון דעם מזרח־לאַנד די ריטערס
און בײַם בעכערקלאַנג געשוואָרען:

דאָס די קרוין פון חן און צניעות,
דאָס די בלום פון אַלע פרויען
איז די שענע מעליזאַנדע,
די מאַרקגרעפין פון טריפּאָליס.

יעדער ווייס, אַז נאָך די דאַמע
האָט געחלשט איצט דער זינגער,
ער האָט זי בעזונגען, און איהם
איז זיין שלאָס צו ענג געוואָרען.

מיט אַ שיף האָט ער פון ציטאַ
אָבגערייזט, דאָך אויף דעם ים איז
ער געוואָרען קראַנק, און גוסס
קיין טריפּאָליס אָנגעקומען.

און געזעהען האָבען ענדליך
מעליזאַנדען זיינע אויגען,
דאָך דער שאָטען פון דעם טויט האָט
באַלד זיי צוגעדעקט אויף אייביג.

צו די פיס פון זיין געליעבטער,
מעליזאַנדע פון טריפּאָליס,
זינגענדיג זיין שיר דעם לעצטען
איז דער טרובאַדור געשטאָרבען.

אַך ווי ענליך וואונדערבאַר איז
ביידע דיכטערס סוף געוועזען!
דאָך האָט יענער אויף דער עלטער
ערשט זיין רייזע אונטערנומען.

אויך הלוי איז געשטאָרבען
צו די פיס פון זיין געליעבטער,
און גערוהט זיין שטערבענד קאָפּ האָט
אויף די קניה ירושלים'ס.

(ענדע קומט)

# אַ טָעוּת.

ע ר צ ע ה ל ו נ ג.

---

א.

בערקע „הארבאטש" און הירשעל „קאנאריק" זענען צוויי שניידעריונגען, ביידע פון איין עלטער, א'נ'עיך פינף אדער זעקס און צוואנציג יאהר. אויפ'ן פנים ווייזט בערקע אויס פיעל עלטער ווי הירשעל. הירשעל איז א דארער א בלייכיטשקער מיט א שווארצען געקרויזטען קאפ; מיט טונקעל־ברוינע גרויסע רוהיגע צוויי אויגען, וואס קוקען שטענדיג אלץ אויף איין פונקט, נאר שטענדיג ווייזט זיך דיר אויס, אז זיי קוקען ניט אין ערגיץ. זיי זענען נור ארייגעשטעלט. יענער זאל אויף זיי קוקען; א מיידליש נעזיל איבער א קליין גומי־עלאסטיש מויל, וואס, אז ס'טהוט א געניץ, זאלסטו האפען גיך און א קוק טהון אויף די ווייסע, קליינע ציינער, ווארים אט באלד ציהט עס זיך צוריק צונויף, און מעהר ועסטו זיי ניט זעהן. קיין „התימת זקן" האט ער נאך ניט, און מע קאן דעריבער רעכענען, אז ער איז ערשט 17 — 18 יאהר אלט, צוואס עס העלפט נאך צו זיין אידעל מעלאנכאליש־זיסע שטימע: עס גלויבט זיך ניט, אז אזא קול געהט ארויס פון א פינף און צוואנציג־יאהריגער ברוסט.

בערקע הארבאטש איז א ברייטפלייציגער, אביסיל הייקערדיג, מיט א אויס־געקראכענעם קאפ, איין ארויסגעשאסענעם שטערן מיט אויגען — טיעפע אין קאפ אריין, פון א אונבעשטימטען קאליער; די נאז איז ברייט אויפ'ן חשבון פון דער לענג און איז פערריסען ארויף אקעגען הימעל, אזוי אז די חברה שניידער־יונגען פלעגען אונטער די אויגען לצ'ען און זאגען: „ווען בערקע זאל קיין שירם ניט טראגען, וואלט איהם אריינגערעגענט אין דער נאז אריין!" דאס מויל איז ברייט און תמיד אפען, פון וואנען עס קוקען ארויס שווארצע און פערגרינטע ציינער פון אונטער גראבע, תמיד צו־האקטע, פערטריקענטע צוויי ליפען. די באָרד וואקסט אויף להכעיס דער שער אין בריטווע. — בכלל איז ער א מיאוסער — איין אויסנאהם צווישען מיאוסע! דערפאר־אבער ברייטע ביינער, ברייטע און שווערע הענד, שטעהט פעסט אויף די פיס — ווארפט א מורא אויף יענעם.

ביידע זענען ניט לאַנג אַהער געקומען; ביידע אַרבייטען ביי „שמואל פּאלקאָווניק“ — אַזוי פֿלעגט מען רופֿען זייער בעל הבית, ווייל ער פֿלעגט נייען מונדירע פֿאַר׳ן פּאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין שטעדטיל אויף דער גרעניץ.

פֿאַר בערקען האָבען אַרבייטער דרך־ארץ געהאַט, ווי — פֿאַר אַ גוטען אַרבייטער, וואָס האָט „גאָלדענע פֿינגער“, ווי זיי פֿלעגען זיך אויסדריקען. הירשלען האָט מען ליעב געהאַט פֿאַר זיין ווייך שענקייט, וועלכע פֿלעגט זיך אַזוי גלייך וואַרפֿען אין די אויגען אַריין, און מיט געוואַלד צונעצויגען צו זיך; נאָר אויסער דעם האָט ער זיך געוואונען הערצער מיט זיין זינגען, אַז ער פֿלעגט זיצענדיג ביי דער אַרבייט אָנהויבען צו זינגען, פֿלעגען אַלע אַרבייטער אַנשווייגען ווערען; אפילו דער מאַשיניסט פֿלעגט זיך אויפֿהויבען פֿון מאַשין, זוכען זיך אויף כלומר׳שט עפּיס איין אַרבייט: אונטערגיסען בוימעל — אַבי אַנשווייגען צו ווערען מיט דעם סקריפּענדיגען ענגלישען „פּלווידעראַק“, וואָס קלאַפּט און פֿערשרייט די וועלט, און האַרמאַנירט ניט בשום אופן מיט הירשעלס ווייכע טענער. סאָסי — שמואלס אַ מיידיל פֿון אַ יאָהר אַכטצעהן — פֿלעגט אַוועקלעגען איהר שטיקערייַ, אויסקנאַקען די פֿינגער, און אַוועקשטעלען זיך ביים פֿענסטער וואָס ביי זיך אין צימער — פּונקט אַקעגען — הערען און קוקען... זי פֿלעגט ליעב האָבען קוקען פֿון ווייטען אויף הירשלען, ווען ער זינגט. „ריהרט ניט מיט די ליפּען!.. דאַכט זיך, ניט ער זינגט — די אויגען אין איהם זינגען!“

און אפילו שמואל דער בעל הבית פֿלעגט אומיסטען אַריינגעהען צו זיך אין צימער, אויף כלומר׳שט, צולעגען זיך, אַ דרימעל האַפּען; און, געריהרט פֿון הירשלעס ליעדליך, פֿלעגט ער וואַרפֿען אויגען אויף בריינען זיין ווייב — האָטש ער איז שוין ניט יונג געווען — נאָך גאָר קיין מיאוסע ניט, וועלכע איז געזעסען אַקעגען אין אונטערגעאַרבייט אַ זאָק. ביידע פֿלעגען זיך איבערקוקען, איבערזיפֿצען... דאָס האָט געהייסען אויף „מאַן־און־ווייב“ לשון: „אַ מענש איז אַ נאַר! אָבגע׳רעש׳ט די יאָהרען.. אַ חלום!.. וויפֿיעל מ׳איז יונג, דאַרף מען קינדער ניאַנטשען, קינדער טראָגען, קינדער געבוירען... שפּעטער אַז קינדער זענען שוין אונטערגעוואַקסען, איז מען שוין אַלט.. שוין־ניט די יאָהרען!“

עס פֿלעגט נאָך זיין זינגען שטיל בלייבען אויף אַ היבשע ווייל. קיינעם פֿלעגט זיך ניט גלוסטען דער ערשטער אָנהויבען רעדען, פֿערשרייען די טענער, וואָס האָבען נאָך געקלונגען אין די אויערען, און צוזוועקט דאָס האַרץ. גאַנץ פֿריה, אַז די אַרבייטער פֿלעגען שוין זיצען אַרום טיש ביי דער אַרבייט, און סאָסי פֿלעגט דערלאַנגען טהיי — פֿלעגט זי אַראָבלאָזען איהרע קאַרשענע צוויי אויגען... די יוגענד־פֿאַרביגע בעקליך פֿלעגען נאָך רויטער ווערען... די ברעמען פֿלעגען אַ לייכטען ציטער טהון. גלייך זיי פֿיהלען עפּיס שטעכענדיגס אויף זיך... און האָטש זי פֿלעגט זיין פּאַרזיכטיג און אָנהויבען מיט׳ן ערשטען גלאָז טהיי פֿון מאַשיניסט און אויסלאָזען — ביים פּרעסער — האָט האָבען זיך שניידער־יונגען איבערגעוואונקען, געוואַרפֿען אויגען אויף איהר און אויף הירשלען.

„ביז הירשעל איז געקומען, פֿלעגט זי קיין טהיי צום טיש ניט דערלאַנגען!“ — האָט אַמאָל דער מאַשיניסט געמאַכט איין איינמערקונג דעם פּרעסער אין אויער אַריין.

זיי האָבען שוין אָבגעאַרבעט עטליכע חדשים ביי שמואל פֿאַלקאָווניק, און דאָך הייסען זיי „נייע געסט", ווייל זיי פֿלעגען זיך ניט צונויפֿקומען מיט די איבעריגע אַר־בייטער. נאָך דער אַרבייט פֿלעגען אַלע אַרבייטערס צונויפֿקלויבען זיך, איניינעם שפּאַ־צירען אָדער „אונטערלעבען"; נור הירשעל מיט בערקען פֿלעגען בלייבען אין שטוב, איטליכער אין אַ בעזונדער ווינקעל. צומאָל פֿלעגען זיי אַרויסגעהן שפּאַצירען; אָבער אַלין יעדער בעזונדער.

עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דאָס זײַנען צוויי בעזונדערע ברואים, איינער ווייט און אָבגעטהיילט פֿון צווייטען, און גלײַך נור דערמיט, וואָס ביידע קאָנען ניט אָדער דאַרפֿען ניט צונויפֿלעבען זיך מיט אַנדערע. ביידע זענען צופֿריעדען, ווייזט אויס, צו בלײַבען דאָ פֿריעמדע אויף תמיד.

---

ב.

דאָס איז געווען נאָך פסח. קיין יודישע אַרבייט איז גאָר ניט געווען, סעזאָן אַרבייט פֿאַר׳ן פֿאָלק איז שוין אויך ווייניג געבליבען. מ׳האָט אָנגעהויבען פֿריה פֿאַר נאַכט אָוועקלעגען די אַרבייט.—

און אין דרויסען איז וואַרעם... שען.. עס רייסט אַרויס מענשען פֿון די שטיבער. אַלע שניידער־יונגען זענען זיך צוגעגאַנגען אויף די שפּאַציר־פּלעצער אויפֿצומונטערן די פֿערגעסענע, איבערגעריסענע, אָנגעהויבענע און ניט געענדיגטע סצענעס פֿון סוף הערבסט.. און יעדער האָט זיך אָבגעזוכט זיין בייליטשקען מיט זיין בלומעטשקען צווישען שורות מיידליך, וואָס האָבען שפּאַצירט אויף די גאַסען.

די זומעראָווענדען האָבען ווידער אָנגעהויבען בליצען מיט ברענענדיגע אויגען פֿון יונגע קינדער.

הירשעל מיט בערקען זענען געבליבען אין דער היים. הירשעל איז געזעסען און האָט געשוויגען, און בערקע האָט געקלאַפּט מיט די פֿינגער אויפֿ׳ן פֿענסטער.

ער האָט זיך אויסגעצויגען, אויסגעקנאַקט די פֿינגער, אַ זיפֿץ געטהון:

— „אומעטיג! אַז דער רוח זאָל עס נעהמען!"

— „יאָ, אומעטיג.— ענטפֿערט יענער!"

— „ס׳וואָלט ניט שלעכט געווען אַביסיל שפּאַצירען!"

— „יאָ, ס׳וואָלט ניט שלעכט געווען!"

— „נור ניט — אויף דער גאַס! עט אַרויס אויס דער שטאָדט! בייס וועלדיל!"

— „יאָ, בייס וועלדיל דאַרף זיין שטיל!"— ענטפֿערט אַלין יענער, ווי אַ ווידערקול. בערקע האָט אַריינגעצויגען דעם איבערראָק, גענומען זיין שטעקען, און אַ קוק געטהון אויף הירשלען.—

יענער האָט דאָסעלבע געטהון, ביידע זענען אַרויסגעגאַנגען, שווייגענדיג האָבען זיי איבערגעלאָזט די רוישענדיגע גאַסען אונטער זיך. עס האָט אויסגעוויזען, אַז אויף יעדען שווערען טריט פֿון בערקעס ברייטע פֿיס, ענטפֿערט איהם הירשעל מיט אַ ווידערקול פֿון זיינע שוואַכע טריט.—

אין וועלדיל האָבען זיי זיך צולעגט אונטער א צווייגעדיגען בוים אויפ'ן ווייכען גראָז. פון דער זייט ערגיץ האָט אַ סאלאוויי אַרויסגעלאָזט אַ פּיעלגאַרענדיגען טרעל. ער האָט באַלד בעקומען פון ערגיץ אַ ענטפער — אויך פונקט אַזאַ טרעל... און מיטען האָט זיך אַריינגעמישט עפּיס אַ פייגעלע מיט זיינע „שטיק". בערקע האָט זיך אין אָנהויב איינגעהערט, אַביסיל — פעראינטערעסירט, נאָר פּלוצלינג האָט ער זיך גע־טהון אַ דרעה אַוועק, אַ קוק געטהון צום בלויען הימעל:

— „אומעטיג!" האָט ער ענדליך אַרויסגערעדט.

— „יא, אומעטיג!"

— „אומעטום אַזוי?"

— „יא, דאָרט, פון וואַנען איך בין געקומען, איז אויך אַזוי!"

— „פון וואַנען קומסטו?" פרעגט איהם בערקע פּאַמיל'אַ־ייט.—

— „פון בארשאָווצי".

— „טאַקי אַ דאָרטיגער?"

— „ניין; אַהין בין איך געקומען פון קיסלעין".

— „האָסט עלטערן אין קיסלעין?"

— „ניין; אַ שוועסטער האָב איך דאָרט".

— „און אַליין פון וואַנען?"

— „אַליין אַ געבוירענער בין איך פון „סאראנקע".

— „שוין אויסגעווען, ווייזט אויס, אַ וועלט!"

— „אַ, יאָ!"

בערקע האָט אַביסיל אָבגעשוויגען. ער האָט, ווייזט אויס, געהאַט אַ שליסל צו דעם האַרצען, וואָס וואָלגערט זיך דאָ נעבען איהם. און קלאַפּט דיזעלבע טענער ווי זיין האַרץ. איהם האָט דאָס האַרץ געזאָגט, אַז ער וועט אין יענעם געפינען טרייסט. נאָר יענער איז מעהר שווייגענדיג פון איהם.

ער האָט זיך, ענדליך, גלייך געווענדט צום חבר:

— „הער, ברודער, וואָס איך וועל דיר זאָגען: איך געפין אין דיר פיעל עהנ־ליכקייט צו מיר. דו ביסט אומעטיג און שווייגענדיג, איך בין שווייגענדיג און אומעטיג; דו ביסט אויסגעפאָהרען אַ וועלט — איך בין אויך ניט פון אונטערן אויווען אַרויס. איך האָב קיין האָניג ניט געלעקט — דו, מסתם, אויך ניט; ווייל אַז מע געפינט ערגיץ האָניג צום לעקען, פאָהרט מען דאָך ניט אַוועק פון איהם! אָט, אפילו דאָס צו רעדענען: דו ביסט אויסנעהמליך שעהן — איך בין.. וואָס איז דאָ צו לייקענען?.. אויסנעהמליך מיאוס. מיר זענען ביידע אויסנעמענע; מיר זענען אויך ביידע דאָ פרעמד. און, ווי עס ווייזט מיר, וועלען מיר בלייבען דאָ פרעמד ביז צום אַוועקפאָהרען. לאָמיר זיך אויפדעקען איינער פאַר'ן אַנדערען! אפשר וועלען מיר געפינען עפּיס טרייסטיגעס איינער אין דעם אַנדערנס לעבען."

הירשעל האָט פערקנייטשט דעם שטערן, אַ שמייכעל געטהון; עס איז געווען צו דערקענען, אַז ס'געפעלט איהם די זאַך. דאָך איז ער געבליבען שווייגענדיג. ווי ביז אַהער.

בערקע האָט אויף איהם געוואָרפען איין אויג. נאר אויף איהם איז אַזוי פיעל תמימות געלעגען, אַזוי פיעל אָפענבאַרקייט, אַז יענער האָט ניט נעקאָנט אויף איהם ברגז ווערען. בערקע האָט אביסיל געשוויגען, נאָכדעם האָט ער זיך געווענדעט צו איהם: „ביסט גערעכט, ברודער! אַז איך האָב דעם פּלאַן פאָרגעשלאָגען, דאַרף איך דער ערשטער זיין. מיין היסטאָריע ווילסטו הערען?

— „אָ, יאָ!“ ענטפערט ער מיט האַרץ.

— „און נאָכדעם, דיינע אָדער מאָרגען, וועסטו מיר דיינע — דערצעהלען?“

— „יא, יא! איך וועל דערצעהלען, אויב דו וועסט נור וועלען הערען!“ —

ביידע האָבען זיך אַנידערגעזעצט. בערקע האָט פערריכערט און אָנגעהויבען דערצעהלען:

„ווי דו זעהסט מיך איצט, קאָנסטו זיך אָנשטויסען, אַז אין מיין היסטאָריע וועט ניט זיין קיין שענע סצענעס, ווי מיידליך זאָלען זיך האָבען פערליעבט אין מיר, און אויס ליעבע זיך סמ׳ן אָדער טרענקען; די לעבענדיגע „טאַקען“ האָבען זיך ניט געקאָנט פערליעבען ניט אין מיין היקער ניט אין מיין צופּלאָסענער נאָז מיט דער דאָפּעלטער ליפּ! אז דער מלאך האָט מיך צונעשניטען, אויסגעקנעטען, און אַוועקגעשטעלט, האָט ער זיך, ווייזט אויס, אָבגעווישט די הענד אין מיין פנים. מיך האָט ער בעשפּאָטעט, און דיינע הענד, גלייב איך, זענען נאָך מעהר שמוצינ געבליבען. איבריגענס... כ׳האָב ניט וואָס צו בעשולדיגען מלאכים אין דעם שטיקיל אַרבייט. איך האָב שענער ניט געקאָנט געבוירען ווערען, ווייל מיין מוטער איז אויך ניט שענער געווען. שטעל דיר פאָר מיין פנים, לעג מיר נאָך צו שטיפּלען וועלכע זענען איהר געבליבען פון פּאָקען און אַ שראַם איבער׳ן שטערן, וואָס איז איהר געבליבען פון אַ פאַל קינדהוייט, און טהו מיר אָן אַ קליידיל מיט אַ שאַל — בעקומסטו מיין מוטער פאַר די אויגען. ניין, איך מוז דיר צו מיין היסטאָריע צוסטריגיוועז עטליכע יאָהר פון מיין מוטער׳ס לעבען, וועסטו מיך בעסער פערשטעהן?

איך האָב זי פערהאַפּט, ווען זי איז אַלט געווען — אַקעגען דרייסיג אָדער צוויי און דרייסיג יאָהר. איבריגענס האָט מען פונקטליך ניט געקאָנט בעשטימען איהר עלטער, ווייל נקבות פון דעם סאָרט ווייזען תמיד אויס עלטער ווי זיי זענען באמת. פון טאַטען האָב איך אויך ניט געקאָנט וויסען, ווייל ער האָט אויסגעוויזען צו יונג. ער איז געווען א פּאַרשוין אַ ברייטפּלייציגער, ווי איך, נאָר אַ געשטרעקטער — ווי מיט׳ן אַרשין צו מעסטען! אַ גרויסען קיילכיגען קאָפּ מיט אַ גלאַנציגען ברייטען שטערן, פולע און תמיד רויטע באָקען; אַ ברייט אויסגעקעמטע באָרד; תמיד איז איהם געלעגען אויפ׳ן פנים אַ צופרידענקייט מיט זיך; פלעגט ליעב האָבען פריה צו לעגען זיך, און שפּעט אויפצושטעהן; ער איז געווען אַ געזעצטער: לאַנגזאַם אויפגעשטאַנען, לאַנגזאַם טהיי געטרונקען, לאַנגזאַם זיך אָנגעטהון, און גענומען זיך געהן דאַווענען. ער האָט בכלל פיינד געהאַט איילעניש, און צו איילען זיך האָט ער טאַקי ניט געהאַט וואָס, ווייל אין קלייט — ביי אונז איז געווען אַ גרויסע באַקאַליי געשעפט — פלעגט די מאַמע שטעהן. דער טאַטע פלעגט זיך וועניג מישען אין געשעפט. אפילו קאָריספּאָנדענציעס פלעגט די מאַמע אַליין פיהרען. זיי האָבען זיך, ווי אַבגעשמועסט

און נעביטען מיט די ראָלען. די מאַמע האָט זיך פֿערנומען מיט געשעפֿט. און דער טאַטע — מיט'ן „טואַלעט"; און זיין טואַלעט איז בעשטאַנען פֿון תמיד נייע אָדער ריינע מלבושים. קומענדיג פֿונ'ם דאַוונען, פֿלעגט ער געפֿינען אַ געגרייטען טיש מיט אַ ברייטען חלאַט און אַ פּאָר שיך אויף איבערצובייטען דעם טואַלעט צום עסען. עסען פֿלעגט ער אָפּט בעזונדער. זעלטען — מיט מיר — איך בין אַ בן יחיד געוועזן — נאָר קיינמאָל האָט די מאַמע מיט אונז אין איינעם ניט געגעסען, הוין שבת און יום־טוב. ווייל זי איז תמיד פֿערנומען געווען. אָבגעגעסען און אויסגעטרונקען אַ גלאָז ווין — פֿלעגט איהם שוין ערוואַרטען אַ קישען אויף דער סאָפֿע, וואו ער פֿלעגט זיך צולעגען אויף אַ פּאָר שעה. „ש., ש., ש., דער טאַטע רוהט!" פֿלעגט די מאַמע זיך אַריינהאַפּען צייטענווייז פֿון דער קלייט, און בייזערן זיך אויף מיר מיט'ן פֿינגער, איך זאָל הס וְשָׁלום קיין הויכען הוסט ניט טהון.

אויפֿגעהאַפּט זיך — האָט ער שוין געפֿונען אַ פֿאַרטיגען סאַמאָוואַר. וואָס פֿלעגט אַזוי זיס און מיט דרך אַריין זשומען! ממש ער בעט זיך: „קום, בעל־הבית, ניס אַריין אין דיין גענעדיגען מאָגען אַ פּאָר לוּיטערע, זיסע גלעזער טהיי!"

טאָמיר הס ושלום האָט די מאַמע מיט עפּיס פֿון דעם אַלעמען פֿערשפּעטיגט. האָט די זיך שוין ניט געקאָנט בערוהיגען, קוים ניט דאָס. וואָס איהם פֿעהלט.. האָט די שוין צו זיך ניט געקאָנט קומען... אַז ניט דאָס, צו וואָס דען נוטצט זי?

עס האָט זיך געקאָנט אויסווייזען, אַז מיין מאַמע איז — גליקליך ניט גליקליך — נאָר אמוועניגסטענס, איז זי צו פֿרידען.

נאָר מ'האָט נור געדאַרפֿט זעהען שבת אָדער יום טוב, ווען די שכנות אָדער קרובות זענען זיך צו אונז צונויף געקומען — צו איהר 'אין גאַסט. אין שכנות און קרובים האָט זי געהאַט, ווי אומיסטען — אַלע פֿאַרשווינען בילדער אי'ן זיי אַראָבצונעהמען! א, איך בין שוין דעמאָלס דרייצעהן יאָהר אַלט געווען. צו אַלט בין איך שוין געווען, ניט צו בעמערקען די בליקען פֿון דער מאַמען אויף די אויסגעפּוטצטע ישענע טעקליך. דאָס זענען ניט געווען קיין בליקען פֿון קנאה! ניין! דאָס זענען געווען בליקען פֿון אַ מענשען, וואָס דערקאָנט און ווייסט זיין אונווערט אקעגען יענעם. יי האָט דערפֿיהלט, אַז זי איינע איז איין איבריגע צווישען אַלע נויטהיגע, זי איז דאָ אַנידערגעשטעלט, כדי צו ווייזען, ווי ווייט שען יענע זענען, נור כדי יענע גליקליכע זאָלען ניט פֿערגעסען זייער ווערט."

מיר האָט זיך אָנגעהויבען וואַרפֿען אין די אויגען אַריין דאָס לעבען פֿון מיין פֿאָטער און מוטער. איך האָב בעמערקט, אַז כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, זיי זאָלען רעדען צווישען זיך.. סוד'ען זיך.. לאַכען.. אַ גוט וואָרט זאָגען, אַזוי ווי כ'האָב אמאָל צוגעזעהן ביי אַנדערע מאַן און ווייב. אמת, דערפֿאַר — קיין קריעג און בזיונות, צי אַזוי אַ בייז וואָרט האָט מען אויך קיינמאָל ניט געהערט צווישען זיי. אַז ס'פֿלעגט זיך אמאָל הערען ביי אונז אין שטוב אַ געשריי, איז'ס נור געווען, וואָס די מאַמע פֿלעגט אמאָל אויף מיר שרייען. צו מיר איז מיין פֿאָטער תמיד גוט געווען, מ'האָט געקאָנט זאָגען, ער האָט מיך ליעב: פֿלעגט מיר צומאָל עפּיס ברענגען פֿון דער גאַס. קיינמאָל זיך ניט געבייזערט אויף מיר... איבריגענס. האָט עס קיינמאָל ניט געקאָנט

קומען דערצו. מיין מוטער איז תמיד געווען וואַכענדיג און מונטער; פול אומעטום און אַלעס איז געווען אויף איהר אויג. אַזוי אַז ווען מ׳האָט געדאַרפט צו ביזערן זיך אויף מיר, אָדער — מיך מקים פסק זיין, איז די מאַמע אויסגעלאָפען, געבייזערט זיך און מקים פסק געווען. דער טאַטע איז אָנגעקומען אויף פאַרטיגען, אויסגעהערט, גע־צויגען מיט די ברעמען, צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געגאַנגען זיך צו זיין זאַך, ווי אַ גוטער שכן. אַנדערע מאַמעס שרעקען די קינדער. „וואַרט, כ׳ל דערצעהלען דעם טאַטען!“ מיין מאַמען, פערקערט, האָט מען געקאָנט שרעקען: „דער טאַטע וועט גע־וואהר ווערען!“ זי האָט זעהר ניט געוואָלט דעם טאַטען זאָל זיך אומזיסט פערדארבען דאָס בלוט.. זיין מנוחה זאָל ח״ו ניט געשטערט ווערען. איינמאָל געדענק איך — דאָס איז געווען אַ קאַרג יאָהר פאַר איהר טויט — אים חמשה־עשר־בשבט איז עס געווען, ס׳ אַ יום־טוב, ווי דו ווייסט, ווען גרויסע יודען מאַכען זיך פאַר קליינע קינדער, און קויפען זיך לאקאטקעס מיט נאַשעריי און, אויס בושה פאַר די קליינע, אַ פנים, האָבען זיי אַ תירוץ אויסגעטראַכט: „ס׳אר׳ץ ישראל פרות“. זאָל זיין אַזוי, אַבי ס׳איז זיס. מיין פאָטער איז געווען ערגיין ביים רב, געפראַוועט דאָרט חמשה־עשר פרות, און האָט מיר אַהיים געבראַכט אַ פולע קעשענע. נאר אַהיים קומענדיג, האָט ער שוין געפונען זיין קישען אויף דער סאפע מיט האַלאַט און שוך צוגעגרייט. ער האָט זיך איבערגעטהון, צוגעלעגט און אַ דרימעל געהאַפט. איך בין אַהיים געקומען פונ׳ם חדר, געפונען דעם אוצר אין טאַטענס קעשענע פון דער קאַפאָטע, איך האָב זיך גענומען נאַשען.. אָבגענאַשט, האָב איך נאָך אַמאָל אַריין געלעגט די האַנד און — ווידער אַביסיל גענאַשט.. און אַזוי לאַנג גענאַשט, ביז כ׳האָב דערזעהן, אַז ס׳איז שוין גאַר ניט געבליבען הוין אַ טייטעל מיט אַ פייג. איך האָב זיך פערשעמט. דער טאַטע וועט אויפשטעהן, וועט זיך וואַרפען צו דער קעשענע. „קום אַהער, בערקעלע! כ׳האָב דיר עפּיס געבראַכט!“ נאר בערקע האָט שוין אַליין אויפגענאַשט. „פע בערקע איז אַ גנב! אַ נאַשער!“ דער טאַטע וועט פערקרומען מיט דער נאָז, בעקומען אַ שלעכט פנים, די מאַמע וועט דערזעהען.. געוואהר ווערען.. וועלען זיך אָנהויבען געשרייען.

איך בין געפאַלען אויף אַ שכל: אָבגעווישט דאָס מויל, גענומען דעם טייטעל מיט דער פייג; אַרויס צו דער מאַמען, וועלכע איז געזעסען צוגעפרוירען צו איהר אָרט, די האַנד — איבער אַ פייערטאָפּ: „נא, מאַמע“, זאָג איך: דער טאַטע האָט דיר געבראַכט פירות פונ׳ם רב!“

מיין מאַמע האָט אויף מיר אַ בליק געטהון מיט איהרע אויגען... אַך, דער רוח זאָל עס נעהמען! מיאוסע מענשען מאַכען אַמאָל אַ מינע, און זיי ווערען דעמאָלט שענער פון די שענסטע! אָך, האָט זי געשיינט! ניין, ניט געשיינט, נאר פשוט, זי האָט געקוקט, ווי אַ קינד.. ווי אַ קינד, אַז מע דערלאַנגט איהם, דאָס וואָס איהם פעהלט...

— „אפשר — דיר?“ — האָט זי געפּרעגט און אויסגעשפּאַנט די אויערען.

— „מינס האָב איך שוין איבגעגעסען“, ענפער איך איהר, גלייך איך ווייס פון גאָר ניט.

זי האָט גאָר ניט געענפערט. זי האָט עטוואס אָנגעביסען דעם טיטעל און אריינגעלעגט די צוויי ארץ־ישראל פירות אין טיש־קעסטיל, וואו דער קלייט־פדיון איז געלעגען... נאר באַלד האָט זי צוריק אויפגעשלאָסען, ארויסגעהאַפּט און געלעגט צו זיך אין קעשענע... אַ קונה האָט איהר דערוויל איבערגעשלאָגען מיט איין אַרשין בענדליך. זי האָט איהם גיך דורכגעלאָזט. און ווידער ארויסגענומען די פירות, איינגעוויקעלט אין אַ נייעם בוינגן פאַפּיער, און ווידער אין קעשענע אריינגעלעגט.

זי האָט געטריבען די קונים פון זיך.. אָבגעריסען זיך אויף יעדען: „איהר ווילט, קויפט. איהר ווילט ניט — געהט אייך געזונדטערהייט!“ מיט מיר האָט זי אָנגעהויבען שטיפען, געוואָרפען מיר א זעקסער פון וויטען: „אז דו האַפּסט איהם אין דער האַנד אריין, זאָגט זי, איז ער דיינער!“ ממש ווי אַ קליין קינד... איך בין זעהר צופרידען געבליבען מיט מיין פלאַן. דער טאַטע וועט פרעגען—האָב איך געגעבען דער מאַמען!

און דער טאַטע האָט זיך אויפגעהאַפּט, דערהערט מיין קול. ער נעמט זיך צו זיין אוצר.. דער אוצר איז ליידיג!.. „בערקעלע“, הויבט ער אָן.. אין דער מינוט בין איך מיט דער מאַמען אריינגעקומען.

איך זעה איהם ביי דער ליידיגער קעשענע... כ'ווער אַביסיל דערשראָקען.. נאר איך וואַרף זיך צו מיין תירוץ: „כ'האָב עס געגעבען דער מאַמען!“

— „דער מאַמען ? !“

ער האָט געפרעגט אַזוי ניט געבייזערט זיך, ניט פערחדושט... גלאַט געפרעגט; ער האָט, דאַכט זיך, געענדיגט מיט אַ געניץ.

איך האָב געוואָרפען איין אויג אויף די מאַמען. די פאַרבען אין פנים האָבען זיך איהר אָנגעהויבען בייטען. זי איז נאָך מיאוסער געוואָרען, ווי זי איז תמיד געווען. זי האָט אַרויסגענומען די איינגעוויקעלטע פירות, און האָט עס מיר דערלאַנגט.

איך האָב זיי ניט געוואָלט נעהמען, נאר כ'האָב זיי גענומען. כ'האָב געפיהלט איך דאַרף נעהמען... איך דאַרף איהר גרינגער מאַכען... איך דאַרף אַרויסנעהמען די שווערע לאַסט פון איהר האַנד.

צו אַלט בין איך שוין געווען, איך זאָל איהר ניט מיטפיהלען, ניט פערשטעהען איהר אונגליקליך לעבען.

און אפשר האָב איך דאָס פערשטאַנען, ניט לויט דער עלטער. נאר ווייל די קינדער אין חדר פלעגען מיך שוין צווייטענוויז דערמאָנען, אַז איך האָב אַ „פערשניצטע נאָז מיט דריטהאַלבען ליפען“.. איך פלעג שוין ליידען בזיונות. וואָס איך בין אַ „מיאוסע בריה“ — דער „מאַמעס אַ קינד“!..

אויפ'ן אַנדערן טאָג איז, דאַכט זיך, אַלסדינג פערגאַנגען .. די מאַמע איז געזעסען אין קלייט, ווי געוועהנליך; דער טאַטע האָט געפראַוועט זיינע טעג אויף זיין שטענער. פאַר פסח איז זי קראַנק געוואָרען, „עפּיס פערקיהלט זיך, אַ פנים“ האָט זי זיך געקלאָגט. נאר דער פדיון פון פאַר פסח מיט פסח'דיגע אַרבייטען האָבען זי ניט געלאָזט צו בעט לעגען זיך. עס האָט טאַקי אין אמת'ן קיין געדאַנק ניט געהאַט צו לעגען זיך! „אונטער'ן בארג“— האָט עס געהייסען. ווען זי לעגט זיך, וואָלט מען געדאַרפט די קלייט פערמאַכען...

נור פסח צום ערשטען „סדר“ האָט זי צייט געהאט צו לעגען זיך. דעם סדר האָט דער טאַטע געקאָנט פראַווען אָהן איהר...

זי האָט זיך געהייסען אויפ'ן אַנדערן טאָג ברײנגען אַ דאָקטאָר. דער טאַטע האָט זי געפרעגט, וואָס פאַר אַ דאָקטאָר זי הייסט זיך ברײנגען. זי האָט, פערשטעהט זיך, אויסגעקליבען דעם— וואָס נעמט וועלוולער פאַר די וויזיטען. דער דאָקטאָר האָט געפונען: „זי איז שטאַרק פערקיהלט און געפעהרליך קראַנק!“

„אסרו־חג“ — האָט זי מיך צוגערופען, געשיקט אין קלויז אַריין רופען דעם טאַטען.

איך בין תיכף געגאַנגען, און האָב איהם געטראָפען אין מיט'ן שמנה עשרה. אַז ער איז אויסגעשטאַנען, האָב איך איהם געזאָגט אין אויער אַריין: „די מאַמע האָט געהייסען, זאָלסט תיכף קומען“.—

— „דער חזן וועט אויסשטעהען שמנה עשרה,— ענטפערט ער מיר,— וועל איך הערען קדושה, וועל איך אַהיים געהן“.

איך האָב זיך תיכף אומגעקעהרט... כ'האָב זי געטראָפען ביי די לעצטע מינוטען... איך האָב זי אָבגענאַרט: „דער טאַטע, זאָג איך, איז געלאָפען נאָכ'ן דאָקטאָר.

אָבגענאַרט אַ מאַמען — אַ מינוט פאַר'ן טויט! נאר עס טהוט מיר ניט באַנג. עס האָט מיר נאָך קיין מאָל ניט באַנג געטהון דערויף.

בערקע האָט איינגעשפאַרט די עלענבויגענס אויף די קניה, געלעגט דעם קאָפ צווישען ביידע הענד און איז אַנטשוויגען געוואָרען.

הירשלען האָבען זיך געוויזען טרעהרען אין די אויגען, וועלכע האָבען געבלישצעט געגען דעם פריהלינגס אַווענד־הימעל, ווי אַ שטומער פאָרוואורף.

(פאָרטזעטצונג קומט).

יהודה שטיינבערג.

# דאס כַּפָּרָה־הינדיל.

## ערצעהלונג אויס דעם יודישען לעבען אין מאראָקאָ.

פון

## האָל קען.

---

XV.

האָטש נעמי האָט זיך אויסגעלערנט פערשטעהן וואָס מען רעדט, ווייל זי האָט אָנגעהויבען צו הערען, דאָך איז איהר איצט שווער געוועזען צו רעדען, פּונקט ווי אַ קליין קינד. זי האָט געשטאַמעלט, עס האָט זעהר לאַנג געדויערט, איידער זי האָט אַ וואָרט אַרויסגערעדט, זי האָט פערדרעהט די ווערטער, און דערשפּירענדיג, אַז זי רעדט נישט גוט, האָט זי זיך געשעמט. נישט איינמאָל האָט דער פאָטער געמוזט לאַנג וואַרטען, איידער זי האָט עפּיס אַרויסגעשטאַמעלט און אויב עלי האָט איהר אונטער־געהאָלפען, האָט זי נאָך מעהר פערדרעהט די ווערטער. זי איז דערנאָך געוואָרען זעהר דענערווירט און האָט נישט געוואָלט רעדען.

עטליכע טאָג נאָך דעם צופאַל, ווען זי האָט מיט איהרע ערשטע ווערטער דעם פאָטער געראַטעוועט פון טוידט, האָט זי קוים געענטפערט קורץ: „יאָ", אָדער „ניין". האָטש עלי האָט איהר טויזענדער פראַגען געגעבען, פּאַטימאַ זי — מיט הייסע טרעה־רען געבעטען, האַביבאַה — בעשוואָרען, און דער פאָטער — מיט פיעל בקשות פערלאַנגט, -- האָט זי מעהר נישט געוואָלט רעדען.

אין גיכען האָט אָבער ישראל געהאַט פיעל פערגניגען.

אַ מאָל אין אָווענד, איז ער צוריק געגאַנגען אהיים אין זיינע אלטע מוירישע קליידער, אין וועלכע ער איז דאַמאָלס געגאַנגען צוטהיילען צווישען אָרימע דאָס ביסיל געלה, וואָס איז איהם איבערגעבליבען פון דער פּעקויפּטער ציהרונג. דער אָווענד איז געוועזען שען, וואַרים. די לבנה האָט העל, רוהיג געלויכטען און די שטערן האָבען גע־בלאַנקט פון דער הויך, ווי איינצעלנע ליכטליך. עס איז שוין געוועזען שפּעט, זעהר שפּעט און אין שטאָדט איז געוועזען שטיל, רוהיג.

מיט שמחה אין האַרצען, איז ישראל געגאַנגען אהיים דורך די שטילע געסליך. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער האָט שוין קיין שום זאָרג נישט. נעמי קען שוין רעדען — אויב אפילו נאָך נישט גוט — וואָס נאָך פעהלט איהם? ער האָט אפילו

נישט נעקענט בייז זיין אויף זיינע שונאים, וואס האבען איהם געוואלט אומברייננען, ווארום ווען זיי וואלטען זיך נישט געווארפען אויף איהם, וואלט ער דאך דאס גליק נישט געהאט, אז נעמי זאל שוין נישט שטום זיין. זיי האבען איהם טאקי געוואלט אומברייננען, אבער דורך זיי זענען מקוים געווארען רות'ס ווערטער, כמעט אלעס, וואס זי האט געזאגט פאר איהר טויט.

אוי, רות, רות! — עס איז איהם פלוצלינג ביטער געווארען אויפ'ן הארצען דערמאנענדיג זיך, אז רות קען זיך שוין איצט נישט פרעהען מיט איהם צוזאמען.

אלטע מעשיות זענען ביי איהם אין הארצען לעבעדיג געווארען: ער זעהט רות'ן, ער שפירט זי, הערט איהר זינגען ביי דער וויעג פון דעם קינד, וואס קען דאס זינגען נישט הערען.

איהר זינגען? יא; איהר קלינגענדיג, ווייך קול, וואס אויף דער גאנצער וועלט איז זיין גלייכענס נישט פאראן קלינגט איהם נאך אין די אויערן. און איהר ליעד! ער געדענקט נאך זעהר גוט איהר געליעבט ליעדיל, אין וועלכען עס האט געקלונגען איהר אייגענע שמחה אין די גליקליכע טעג, איידער איהר פאטער, דער אלטער רב איז געשטארבען.

שטעהענדיג פאר זיין הויז, האט ער ארויסגענומען פון קעשינע דעם גרויסען שליסעל פון זיין דירה און געוואלט עפענען די טיהר. נאר דערווייל האט ער דערהערט פון דער הויך עפיס א געזאנג, ער האט זיך אנידערגעשטעלט און געהארכט. יא, דאס איז א געזאנג, ער קען דעם ניגון און דאס ליעד אויך. עס איז טאקי דאס זעלבע ליעד, וועלכעס ער האט ערשט אין זין געהאט; רות'ס ליעד און דערצו אויך איהר קול.

„א, וואו איז ליעבע?
וואו, וואו איז ליעבע?
איז זי פון הימעל געשיקט?
ווערט זי אויף דער ערד געבליקט?
וואו, איז ליעבע?"

ער איז געבליבען שטעהן אויף דעם ארט, ווי מען וואלט איהם מיט נעגיל צוגעשלאגען און האט געקוקט ארום זיך. די נאכט איז געווען שטיל ווי דער טויט, קיין שום זאך האט נישט געשטערט. ישראל איז געשטאנען און מיט אויפמערקזאמקייט געהארכט. דאס געזאנג, דאכט זיך, הערט מען פון זיין שטוב. אין אנהויב האט ער געמיינט, אז אין די אויערן קלינגט איהם נאך דאס ווידער-קול פון דעם, וואס ער האט ערשט אין זין געהאט. דעריבער האט ער זיך אביסיל אבגערוקט און מיט די הענד זיך די אויערן פערשטאפט. אומזיסט! ווען ער האט די הענד אראבגענומען פון די אויערן, האט דאס געזאנג ווידער געקלונגען, ווי פריהער.

ער האט אנגעהויבען צו ציטערן אויף אלע אברים, די שלייפען האבען איהם געהאקט און דאס הארץ איז איהם אויפגערעגט געווארען.

זאל דאס אפילו זיין רות, וועט זי דאך איהם אויך קיין שלעכטס נישט טהון, — דער געדאנק האט איהם בערוהיגט און ער האט געעפענט די טיהר. נאר ווען ער איז

געוועזען אין לאַנגען קאָרידאָר, איז איהם אַ נייער געדאַנק געקומען אין קאָפּ אַריין: „נעמי", זי זינגט דאָס, בײ' דער שיין פֿון דער לבנה, האָט ער זי דערזעהען אויף דעם באַלקאָן, איהר שען געשטאַלט האָט געשיינט געגען דער לבנה, זי איז געשטאַנען אין ווייסע קליידער אַנגעשפּאַרט אָן אַ זייל. איהר פּנים האָט געלויכטען פֿון שמחה, מיט דעם קול פֿון איהר געשטאָרבענער מוטער, האָט זי געזונגען איהר געליעבט ליעד איבער דער שלאָפֿענדער שטאָדט:

אַ ליעד פֿון ליעבע אין מיין הערץ
פֿעריאָגט פֿון הימעל און ערד שמערץ
און רופֿט: אָ, קום, קום דו ליעבע,
זאָלען קומען דיינע מלאכים די ליעבע
און מיך נעהמען און שענקען דיר
און דאָס ליכטיגקייט פֿון גן־עדן געבען מיר
אָ הערש, אָ הערש גרויסע ליעבע!

ישראל האָט ישון נישט געשראָקען, נאָר זיך זעהר געוואונדערט. פֿאַר וואָס איז איהם דאָס באַלד אויף די געדאַנקען נישט געקומען? פֿאַרוואָס האָט ער באַלד נישט געוואוסט? און דאָך ווי אַזוי האָט איהם דאָס געקענט קומען אויף די געדאַנקען? נעמי'ס קול האָט ער נור געהערט ביי אָרויסרעדען איינצעלנע ווערטער. און דאָך האָט ער געוואָלט געדענקען, אַז קינדער זינגען פֿריהער אַנדערענס ווערטער, אידער זיי קענען זייערע אייגענע אַרויסרעדען.

ווען דער געזאַנג האָט אויפגעהערט, איז ישראל נעהנטער צוגעגאַנגען און זיי מיט אַ ציטערענדיגער שטימע שטיל גערופֿען:

— נעמי!

זי האָט זיך איינגעבויגען צו איהם און געזאָגט:

— טאַטע!

— וואו האָסט דו דיך דאָס ליעד אויסגעלערנט?

— פֿון פֿאַטימאַ'ן,

און גיך, מיט אַ קינדישער גאוה, האָט זי ווייטער געזאָגט:

— יאָ, איך האָב דאָס געזונגען שען, אמת?

פֿון דאמאלס אָן האָט נעמי אָנגעהויבען מעהר דרייסט צו זיין און האָט זיך שוין נישט געשעמט צו רעדען. מיט גרויס חן זענען פֿון איהר רויט מויל גיך אַרויסגעלאָפֿען ווערטער מיט אַ ווייך קול. זי האָט דערצעהלט דעם פֿאָטער איהרע געדאַנקען פֿון דער צייט, ווען זי איז געוועזען שטום און טויב. וואונדערבאַר און ריהרענד זענען געוועזען די געדאַנקען, וואָס זענען אַזוי לאַנג בעהאַלטען געוועזען אין איהר האַרץ. פֿון אָנהויב איז ישראל ענטציקט געוועזען פֿון די געדאַנקען און האָט זיי געהאַלטען פֿאַר אַ בעגייסטערונג פֿון גאָט.

— מיין טהייערע — האָט ישראל זי געפֿרעגט — וואָס איז די זון?

— די זון איז אַ פֿייער פֿון הימעל — האָט זי געענטפֿערט — מיין פֿאָטער צינדט עס אָן אַלע אין דער פֿריה.

— יאָ, מיין קליינע — האָט ישראל איהר דערקלערט — דיין פאָטער, וואָס איז אין הימעל צינדט עס אָן.

— מיין טהייערע — האָט ער וויטער געפרעגט — וואָס איז די פינסטערניש?

— אָ, די פינסטערניש איז קאַלט — האָט זי גיך געענטפערט ציטערענדיג ווי פון קעלט.

— בכן איז ליכטיגקייט וואַרים, מיין קליינע?

— יאָ, וואַרים און מיט אַ קול.

און גיך האָט זי וויטער געזאָגט:

— די ליכטיגקייט לעבט.

זי האָט זיך נאָהענט צוגערוקט צו איהם, ווי פריהער געגומען זיין האַנד אין איהר ביידע הענד, זי צוגעדריקט צו איהר הנ׳ודיג פנימ׳ל מיט די שטעהענדיגע אויגען, דערנאָך האָט זי שטילערהייט אָנגעהויבען דערצעהלען, וואָס זי מיינט וועגען דער נאַכט.

די גאַנצע וועלט און אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אויף איהר, איז ביי נאַכט קאַלט און שטיל. דאָס איז דער טויט. מלאָכים קומען אויף דער וועלט ביי טאָג, נור נאָט אַליין קומט ביי נאַכט, וויל ער האָט ליעב שטילקייט. און ער קושט אַלע טויד־טע זאַכען, און זיי ווערען אַלע אין דער פריה ווידער לעבעדיג, וויל גאָט האָט זיי געקושט. ווען מען שטעהט אויף אין דער פריה, שפירט מען נאָך גאָטס קוש אויף די בלומען און אויף דעם גראָז, אין די פייגעל זינגען פון דעם אַ גאַנצען טאָג, גאָט האָט זיי ביי נאַכט געקושט און דעריבער זענען זיי לוסטיג.

אַ מאָל האָט ישראל געפיהרט נעמי׳ן צו דער מערה (בית־עולם), וואו רות׳ס קבר איז געוועזען. דאָרט האָט ער איהר ווידער ערצעהלט פון דער מוטער, אַז זי ליגט דאָ אין קבר און דאָך איז זי אויך ביי גאָט, זי לעבט. האָטש זי איז שוין לאַנג געשטאָרבען, זי, נעמי, וועט זי שוין מעהר נישט זעהען, נאָר אַמאָל וועט זי זיך דאָך מיט איהר טרעפען צוזאַמען.

נעמי האָט זיינע ווערטער נישט געקענט פערשטעהן, נאָר איהרע בלויע, שטעהענ־דיגע אויגען האָבען זיך מיט טרעהרען בענאָסען און מיט אַ אָבגעריסען קול האָט זי געזאָגט:

— מתים זענען פאַלש. ביי נאַכט געהען זיי אַרויס פון די קברים, אום צו זיין מיט גאָט און געהען דאַמאָלס אַרום אויף דער טוידטער וועלט. ביי טאָג ווייזען זיי זיך קיינעם נישט.

די זעלבע נאַכט איז נעמי פלוצלינג פערשוואונדען געוואָרען און עטליכע שעה האָט מען זי נישט געקענט געפינען. מען האָט אומזיסט דורכגעזוכט דעם גאַנצען מעללאה (די יודענגאַסען). מען האָט גערעכענט, אַז זי האָט זיך אַביסיל לענגער פער־ווילט אין דער מורישער שטאָדט און דערפאַר קען זי נישט אַהיים קומען דורך די טהויערען, וואָס ווערען פערמאַכט ווען די זון געהט אונטער. מען האָט זי אָבער נישט געפונען אין ערגיץ. ענדליך האָט זיך ישראל דערמאַנט אָן דער מערה און דאָרט האָט מען זי טאַקי געפונען. פינסטערניש. לעערקייט און שטילקייט האָבען געהערשט אויף דעם בית־עולם. ערטערווייז האָט מען דערזעהען פון דער שטאָדט אַ ליכטיל, אָדער

מען האָט דערהערט עפּיס אַ קול פֿון ווייטענס. און דאָרט צווישען די ווייסע, לאַנגע שטיינער, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי שאָף, וואָס רוהען אין גראָז, איז נעמי געלאָפֿען און געשריען:

— מוטער! מוטער!

עטליכע טעג דערנאָך איז פּאַטימאַ נעגאַנגען מיט איהר צום ברעג פֿון ים, כדי איהר פּנים, וואָס איז אין שטאָדט בלאָס געוואָרען פֿון היין, זאָל אַביסיל אָבגעפֿרייש וועהרען פֿון דער לופֿט ביים ים. דער טאָג איז געוועזען שען, שטיל, דער ים איז געוועזען רוהיג, נור ערטערווייז האָט מען דערזעהען קליינע הוואַליעס. נעמי האָט מיט גרויס חשק זיך איינגעהאָרכט דאָס גערויש פֿון די בלויע הוואַליעס, דאָס קלינגען פֿון די קייטען אָן די שיפֿען און דאָס געשריי פֿון די מויערן, וואָס האָבען, שטעהענדיג אין וואַסער ביזן גאַרטעל זיך אויסגעלאָדט די שיפֿען.

ווען זי איז צוריק אהיים געקומען פֿון דעם שפּאַציער, האָט זי זיך געזעצט, ווי געווענהליך ביי דעם פֿאָטערס קניה, און צודריקענדיג זיין האַנד צו איהר פּנים, האָט זי איהם דערצעהלט, אַז נור איין זאַך אויף דער וועלט שטאַרבט נישט ביי נאַכט — דאָס איז וואַסער, וואָס איז אַוועג פֿון הימעל צו דער ערד. דאָס וואַסער שווימט צום ים און צוגיסט זיך ביז צום הימעל, און גאָט און מלאכים נעהען דערויף צווישען הימעל און ערד. דעריבער ריהרט זיך דאָס וואַסער שטענדיג און שלאָפֿט קיינמאָל נישט. און מלאָכים זינגען שטענדיג און דעריבער רוישט אַזוי דאָס וואַסער. אַמאָל איז דער געזאַנג לוסטיג, אַמאָל טרויריג, טהיילמאָל קריגען זיך די רוחות מיט די מלאָכים און דאַמאָלס רוישט דער ים זעהר שרעקליך.

ישראל האָט מיט גרויס בעוואונדערונג געהערט די דאָזיגע געדאַנקען. פֿון וואַנען האָבען זיי זיך צו איהר גענומען? צי איז ער מחויב איהר צו דערקלערען, אַז איהרע געדאַנקען זענען נור פֿאַנטאַזיען, און איהר דערצעהלען דעם גאַנצען טרויריגען אמת וועגען דער וועלט, דעם טויט און הימעל? לאַנג צייט צו קלערען דעריבער איז איהם נישט געבליבען.

צווי טאָג נאָך דעם שפּאַצירען אויף דעם ברעג פֿון ים איז נעמי ווידער פֿערשוואונדען געוואָרען. ישראל איז גיך געלאָפֿען צום ים און האָט זי דאָרט געפֿונען. אליין, אָהן הילף פֿון קיינעם האָט זי געפֿונען ביי דעם ברעג אַ שיפֿיל און זי האָט זיך אין איהם אַריינגעזעצט. דאָס שיפֿיל איז געוועזען לייכט, גרינג, שפּיציג פֿון ביידע עקען, דעריבער איז עס זעהר לייכט אוועק געשוואומען און זיך געלאָפֿען אויף דעם ים אָהן רוהער. עס איז אבער געוואָרען אַ גרויסער ווינד, וואָס האָט דאָס שיפֿיל צוגע־נעיטשטופּט צום ברעג, וואָס איז ווייס געוועזען פֿון שוים. ישראל איז גיך צוגעלאָפֿען צום שיפֿיל, און ווען נעמי האָט דערהערט זיין קול, האָט זי אָנגעהויבען צו וויינען. זי האָט געמיינט, אַז זי פֿאָהרט צום הימעל.

ישראל האָט שוין מעהר קיין ספק נישט געהאַט, אַז כדי זי אָבצוהיטען פֿון סכנות, מוז ער איהר לוסטיגע נשמה טרויריג מאַכען און ריכטיג דערקלערען אלעס ווי ער פֿערשטעהט.

אין איינעם א אווענד האט ער זיך דערצו גענומען, ווען די זון איז אונטערגע־גאנגען און ער איז געזעסען מיט נעמי'ן אויף דעם דאך, וואו זיי האבען געהערט דאס געשריי פון יודען, וואס זענען אויף דער גאנצער נאכט פערמאכט געוואָרען אין מעללאה, האט ער איהר געזאגט אז זי איז בלינד. די ווערטער האבען אויף איהר קיין איינדרוק נישט געמאכט, זי האט דאס געהערט פריהער און האט זיך דערפון גאר נישט גע־מאכט, וויל זי האט נישט פערשטאנען וואס דאס איז „בלינד.“

ישראל'ן האט זעהר ביים האַרץ געדריקט, ווען ער האט ענדליך געמוזט איהר דערקלערען דעם שרעקליכען אמת. נעמי האט געלאכט, ווען ער האט געלעגט די פינגער אויף איהרע אויגען און זיך בעמיהט איהר פערשטעהן צו געבען מיט וואס זי איז א קאלעקע. דערנאך האט זי וויעדער געלאכט. ווען ער האט זי געפרעגט, אויב זי זעהט די מענשען, וואס זייער קול הערט זי מיט די אויערן. נאך העכער האט זי זיך צולאכט, ווען ביי דעם זון־אונטערגעהן איז אַרויס פון דעם גרויסען מעטשעט דער שמש, און איהר פאטער האט זי געפרעגט, צי זי זעהט דעם אלטען בלינדען, וואס רופט: „גאט איז גרויס! גאט איז גרויס!“

צי זי זעהט? ווי הייסט? דער פאטער פרעגט געוויס, צי זי שפירט די מענ־שען פון וויטענס און דעם שמש פון דער הויך?

ער האט פשוט נישט געקענט איהר לוסטיגקייט שטילען, ער האט אבער דאך געהאט בעשלאסען אזוי צו טהון, בכן האט ער איהר ענדליך געזאגט, אז זי איז נישט אזוי ווי אלע אנדערע מענשען, נישט ווי דער פאטער, נישט ווי עלי, פאטימא, אדער האביבאה, איהר, נעמי'ן האט גאט נישט בעשענקט מיט אלעם, וואס ער האט אלע אנדערע מענשען געגעבען, און דעריבער קען זי נישט קענען די וועלט, פון וועלכער זי האט אפילו קיין בעגריף נישט. פינסטערניש איז נישט נור קאלט און שטיל און ליכטיגקייט נישט נור וואַרים און רוישענד. ליכטיגקייט איז ביי טאג, ווען די זון הערשט מיט גאוה, פינסטערניש איז ביי נאכט, ווען די לבנה מיט די שטערן הערשען.

נעמי האט מיט השק געהערט זיינע ווערטער. איהרע באקען האבען געברענט, די פינגער האבען נערוועז געריסען איהר קלייד און איהרע בלינדע, בלויע אויגע האבען זיך ברייט געעפענט און זענען נאס געוואָרען פון טרעהרען.

זי האט אפילו נישט פערשטאנען, ווי גרויס איהר אונגליק איז, ווי שרעקליך עס איז דער אמת. וועלכען איהר פאטער האט פאר איהר ענטדעקט, און דאך האט זי זיך משער געוועזען, אז איהר פעהלער מוז זיין זעהר א גרויסער, דאס האט זי דער־שפירט אן איהר פאטערס קול.

נאר דאס וואס דער פאטער האט איהר נישט געקענט ענטדעקען מיט זיין ערקלערען, האט זי דערנאך אליין דערקענט.

נעמי האט אלע מאל זעהר ליעב געהאט מיט קינדער זיך צו שפיעלען, און ווייט זי האט אנגעהויבען הערען, האט זי זיך מיט זיי נאך מעהר געוויילט, אויסגעהערט זייער זינגען, דעריבער האט זי זיך אלע מאל געבריינגט צו פיהרען מאסען קינדער פון די אָרימע אַראבער, וואס זענען געקומען פון זעהר ווייט און האבען געוואהנט אין געצעלטען אונטער דער שטאדט און האט מיט זיי זעהר פרעהליך די צייט פערבראכט.

אַמאָל האָט איהר אַ מיידיל געבראַכט אַ שענע, זעלטענע בלום, וואָס וואַקסט נור אויף ווייטע בערג. נעמי האָט די בלום בעריהרט מיט די פינגער און האָט זי דאָך נישט דערקענט.

— וואָס אַ בלום איז דאָס ? — האָט זי געפרעגט.

— אַ בלויע — האָט דאָס מיידיל געענטפערט.

— וואָס פאַר אַ בלויע ? — האָט זי ווייטער געפרעגט.

— נו, אַ בלויע — דו ווייסט נישט ? — אַ בלויע ! — האָט דאָס קינד געזאָגט.

— אָבער וואָס איז דאָס בלוי ? — האָט נעמי ווייטער מיט אונגעדולד געפרעגט, דרעהענדיג נערוועז די בלום צווישען די פינגער.

— וואָס פרעגסט דו ? דו זעהסט דאָך, אַז די בלום איז בלוי ! האָט דאָס קינד תמ׳וואַטע געזאָגט.

עלי, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון איהר, האָט איהר געוואָלט אַרויס־העלפען.

— בלוי איז אַזאַ מין קאָליער — האָט ער דערקלערט.

— אַ קאָליער ? — האָט זי איבערגע׳חזר׳ט.

— יאָ, זי זעהט אויס ווי דער ים.

— צום ים ? אַ קאָליער ? בלוי ? וואָס איז דאָס ? — האָט זי מיט געבעט געפרעגט.

עלי האָט זיך ווייטער בעמיהט איהר צו דערקלערען,

— עהנליך צום הימעל — האָט ער ווייטער געזאָגט מיט פשטות.

אין נעמי׳ס פנים האָט מען דערקענט נאָך אַ גרעסערע פערמישונג.

— און וואָס איז דאָס „עהנליך צום הימעל" ? — האָט זי ווייטער געפרעגט. זי האָט זיך אומגעדרעהט צו עלי׳ן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי קוקט מיט איהרע גרויסע, בלויע אויגען אויף עלי׳ן.

עלי האָט נישט געקענט איינהאַלטען די תשובה, וואָס איז איהם געלעגען אויף דער צונג, האָט ער ווייטער געזאָגט:

— בלוי איז עהנליך, עהנליך...

— צו וואָס ?

— צו דיינע אויגען, נעמי !

ווי זי איז געוואָהנט געוועזען פון אייביג אָן, האָט זי איהרע פינגער צוגעלעגט צו די אויגען און דורך דעם בעריהרען דערקענען דעם אונטערשיעד צווישען בלוי און אַנדערע קאָליערען. נאָר דאַמאָלס האָט זי ערשט דערקענט דעם גרויסען אונטערשיעד וואָס איז צווישען איהר און אַלע אַנדערע מענשען. זי האָט שוין פערשטאַנען, אַז איהר פעהלט עפּיס, וואָס אַנדערע מענשען האָבען. אַז די קינדער, וואָס שפּיעלען זיך מיט איהר, ווייסען עפּיס, וואָס זי קען נישט ווייסען, אַז זי איז אַ קראַנקע און אומגליק־ליכע, אַז עס איז פאַראַן אַ וועלט, אַ שענע, פול פערגניגען, פון וועלכען זי קען נישט געניסען.

פֿון דאַמאַלס אָן, האָט זי ביי אַלעס זיך דערמאַנט אָן איהר פֿעהלער, אַלעס האָט זי דערמאַנט איהר אונגליק. הערענדיג דאָס קול פֿון אַ פֿליהענדיגען פֿויגעל, דאָס געשריי אויף דעם מאַרק, דאָס גערויש אין גאַס — האָט זי געזיפֿצט און דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט אויף דער ברוסט.

הערענדיג דאָס גערייש פֿון ווינד, האָט זי נעפֿרעגט, צי ער האָט אויגען, און ווען מען האָט איהר נעזאָגט, אַז די בערג גרייכען ביז צו די וואָלקענס, האָט זי געפֿרעגט, צי זיי זענען נישט בלינד.

נאָר זייט נעמי איז געוואָהר געוואָרען, אַז זי איז בלינד, האָט זי אויפֿגעהערט צו זיין אַ קינד און איז פּלוצלינג געוואָרען אַ פֿרוי. אין איין וואָך, האָט זי זיך מעהר אויסנעלערנט, איז זי מעהר געוואָהר געוואָרען פֿון דער וועלט, ווי אין איהר גאַנצען לעבען. זי איז שוין מעהר נישט געוועזען ווי העלער זונען-שטראַהל, אַ גייסט פֿון לוסטיגקייט, נאָר אַ שוואַך, שטיל מיידיל, וואָס ווייס, אַז זי איז נור אַ קאַלעקע און שעמט זיך זעהר מיט איהר פֿעהלער.

ישראל האָט דאָס אַלעס געזעהן און געהאַט דערפֿון גרויסע יסורים. ווען ער האָט געהאַט גאָט געבעטען, אַז זי זאָל קענען רעדען, האָט ער געזאָגט, אַז מעהר פֿערלאַנגט ער שוין נישט פֿון איהרעט וועגען. אַצינד האָט ער אויף דעם חרטה געהאַט. וואָרום וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט דען די גאַנצע וועלט, אויב מען קען זי נישט זעהען, האָטש מען קען רעדען? עס זענען פֿאַראַן זאַכען, וועלכע מען קען נישט דערצעהלען — מען ברויך זיי צו זעהען, אויב נישט, פֿערשטעהט מען זיי נישט. און ווען נעמי האָט שוין געקענט רעדען, האָט זי ערשט דאַמאַלס דערשפּירט איהר פֿעהלער.

— רבונו של עולם! — האָט ישראל מתפלל געוועזען — זאָל זי קענען זעהען, עפֿען איהרע אויגען, אַז זי זאָל קענען זעהען דיין שענע וועלט! איהר לעבען וועט דאַמאַלס זיין זיכער און דאָס האַרץ גליקליך, איהר נשמה וועט זיין דיין און איך וועל שוין אַמאָל צופֿרידען זיין.

## XVI.

אַבציג טאָג איז פֿאַריבער, זייט מען איז ישראל'ן בעפֿאַלען און איהם געוואָלט הרג'נען, און דער רעגען האָט נאָך די פֿערברענטע ערד נישט אויפֿגעפֿרישט. די אייער פֿון היישעריק האָבען זיך שוין געזאָלט אויספּיקען און בעדעקען די גאַנצע ערד ווי שניי, די איינוואָהנער פֿון לאַנד זענען פֿערצווייפֿעלט געוואָרען. דער טויט איז זיי געלעגען אויף דעם פּנים. אין מעטשעטען אין שולען האָט מען שוין נישט געבעטען אויף רעגען — מען האָט זיך שוין לאַנג מ‍ִיאַיש געוועזען דערפֿון. די מאַהמעדאַנער האָבען נור אויפֿגעהויבען די שווערע ברעמען צום אונדערבאַרימדיגען הימעל און געמורמעלט:

— אַזוי איז געוועזען געשריבען!

ישראל איז אין די אַבציג טאָג פֿערנומען געוועזען מיט אַנדערע געדאַנקען. ער האָט זיך אַליין נישט געקענט קיין עצה געבען. ענדליך האָט ער ביי זיך בעשלאָסען, אַז ער איז מחויב אַוועק-צו-וואַרפֿען זיין שטעלע ביי דעם קאַיד. מען קען נישט דיע-

נען צוויי הערצען. צו־לאנג האָט ער שוין געדיענט איינעם, מיינענדיג, אַז מיט תשובה, מיט צדקה, מיט גערעכטיגקייט וועט ער איבער־בעטען דעם צווייטען. די שפּעטע תשובה קען אָבער נישט העלפען די, וואָס זענען שוין געשטאָרבען אין דער תפיסה, און די, וואָס האָבען געליטען דורך די עוולות, וואָס ער האָט פריהער געטהון. אויב ער וויל נור נישט בעריהרען דאָס געלד, וואָס געהערט דעם קאָיד; ווארום פון זיין פערמעגען איז איהם גאַר נישט געבליבען און צו פיהרען זיך מיט יושר און גערעכטיגקייט איז אונמעגליך אין דעם לאַנד, וואו פון דעם אונערבאַרימדיגען סולטאַן אין הארעם ביז דעם בעטלער אויף דער גאַס, בעמיהט זיך נור יעדער אויסצוזויגען דאָס בלוט פון שוואכערע און אָרימערע פון זיך.

ער האָט אויך שוין מעהר נישט געקענט דערליידען בן־אבו׳ס געלעכטער אין זיין פרוי׳ס געלד־לוסט. ישראל האָט געדענקט, אַז נאָט האָט איהם שוין צוויי מאָל געהאָלפען מיט נעמי׳ן; זי קען שוין רעדען און הערען. וועט איהם גאָט פערלאָזען אַצינד, ווען ער בעט, אַז נעמי זאָל אָנהויבען זעהען און ווען ער וויל מיט׳ן גאַנצען האַרצען תשובה טהון און צוליעב דעם אַוועקוואַרפען זיין אַ אַמט, וואָס ער האָט קוים בעקומען, ווען ער איז געוועזען אין גרויסער נויט?

ישראל האָט אָנגעהויבען צו מאַכען די נויטהיגע הכנות. פון זיין פערמעגען און ציהה־רונג פון זיין ווייב איז שוין קיין זכר נישט געבליבען. דאָס הויז האָט זיך איהם גע־וואָלט איבערלאָזען, כדי נעמי זאָל האָבען וואו צו זיין; נור דאָס מעבעל אין הויז איז געוועזען צו טהייער פאַר איהם און האָט שוין נישט געפּאַסט פיר אזא אָרימאַן, ווי ער איז שוין אַצינד געוועזען.

ער האָט פערקויפט א סוחר פון מעללאה זיינע סאָפען און פאָטעלען, וואָס ער האָט אַמאָל זיך געלאָזט ברענגען פון ענגלאַנד, דיוואַנעס פון ראבאט, זיידענע טאַפּע־טען פון פעץ און פורפורענע קישענס פון דער שטאָדט מאַראָקאָ; זיך האָט ער אי־בערגעלאָזט נור געוועהנליכע קאָצענע דעקען מיט שטרוי־זעק. דערנאָך האָט ער גע־רופען זיינע צוויי שקלאַפינען און עלין, ווייל ער האָט געוואָלט זיך מיט זיי היהב־ער־דען.

— מיינע טהייערע! — האָט ער אָנגעהויבען — איהר, פאַטימא און האביבאַה, האָט מיר געדיענט עהרליך אַזוי פיעל יאָהר, זייט איך האָב התונה געהאַט און דו עלי, זייט דו ביזט אויפגעוואַקסען. איך האָב קיינמאָל נישט גערעכענט, אַז איך וועל אַ־מאָל מוזען מיך שיידען פון אייך; נאָר מיין צייט איז שוין פאַרביי און מאָרגען וועל איך זיין אָרימער פון אַלע אָרימסטע אין מעטעון. דעריבער האָב איך בעשלאָסען, אייך, האביבאַה און פאַטימא, וואָס איך האָב אייך בעקומען פאַר אַ מתנה, צו שענקען אייך די פרייהייט. דאָ האָט איהר אייערע פּאַפּירען, וואָס זענען געשריבען אים נאָמען פון קאָיד און געהתמ׳עט מיט זיין התימה. נעהמט אייך די פּאַפּירען און וויזט זיי דעם קאָדי אין מעטשעט, ער וועט זיי בעשטעטיגען, און איהר וועט זיין פריי אין אייער גאַנ׳ץ לעבען.

די שווארצע שקלאַפינען האָבען עטליכע מאָל איבערגעשלאָגען זיינע ווערטער מיט אויסגעשרייען פון בעוואונדערונג און ערשטוינונג.

— אַללאה!

— אַלע היילינע!

— אויף דעם נביא'ס באָרד *)

און ווען ישראל האָט זיי איינגעשטופּט אין האַנד די פּאַפּירען, בעשטעטינען זייער פרייהייט, האָבען זיי אָנגעהויבען היסטעריש צו לאַכען.

— דיר מיין זוהן — האָט ישראל געזאָגט, וועגדענדיג זיך צו עלי'ן — דיר קען איך קיין פרייהייט נישט שענקען, ווארים דו ביזט געבוירען געוואָרען א פרייער. פיערצעהן יאָהר ביזט דו ביי מיר געוועזען ווי אַ זוהן, דעריבער מוז איך מיט דיר אַנדערש אויפטרעטען. דו וועסט מוזען אַוועק ווייט און מיט מיר שוין מעהר זיך נישט זעהען. איך וועל דיך אַלע מאָל געדענקען און אייב דו וועסט אויך מאַנכעס מאָל געדענקען אָן דעם, וועלכער האָט דיך געהאַלטען פיר זיין קינד און האָט דיך מעהר נישט געקענט ביי זיך האַלטען. וועלען מיר נישט זיין אָבגעשיידט איינער פון אַנדערען.

עלי האָט מיט בעוואונדערונג געהערט די ווערטער. דאָס וואָס האָט זיך פערלאָפען אין ישראל'ס הויז אין די לעצטע צייט, האָט ער גוט געשפּירט. און דאָך, אַז ישראל, דער גרעסטער, איידעלסטער, שטאַרקסטער מענש אויף דער גאַנצער וועלט — זאָלען די פערשאָלטענע יודען און די פאַרשיווע הינד, די מאַהמעדאַנער בילען וויפיעל זיי ווילען — אַז דער ישראל זאָל קענען ווערען דער אָרימסטער פון אַלע אָרימסטע אין טעטואן, און אַז עס וואָלט אפילו אַזוי געווען, אַז ער, ישראל, זאָל איהם, עלי'ן, אבשאַפען — אללאה! רחמנות'דיגער גאָט, וואָס זאָל דאָס בעדייטען?

עלי'ס גרויסע אויגען האָבען זיך בעגאָסען מיט טרעהרען, א מינוט דערנאָך, ווען ער האָט זיך ערמונטערט, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט פון איהם נישט אַוועק געהן, ער וועט נישט אַוועק געהן ביז צום טוידט. ער מוז אַלע מאָל דיענען זיין פאָטער. ער וויל נישט, אַז מען זאָל איהם פאַר זיין אַרבייט בעצאָהלען און וויל נישט אַוועק־געהן. ווי הייסט? אַוועק ווייט און קיינמאָל נישט זעהן זיין פאָטער און נישט געמי'ן? ניין!

דערנאָך איז אויך צוגעגאַנגען פאַטימא און ישראל'ן צוריק געגעבען די פּאַפּירען פון איהר פרייהייט.

— נעם זיי דיר — האָט זי געזאָגט — איך ברויך נישט קיין פרייהייט. איך האָב גענוג פרייהייט געהאַט.

— און דאָ — האָט זי ווייטער געזאָגט, ארויסנעהמענדיג פון בוזעם אַ בייטעל געלד — דאָ האָסט דו געלד, וואָס איך האָב דיר שוין לאַנג געוואָלט שענקען, נאָר איך האָב מיך געשעמט. דאָס געלד איז דיין, ווארום דו האָסט אונז געצאָהלט די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבען ביי איך געדיענט. האָטש עס איז אונז קיין געלד נישט געקומען, ווייל מיר זענען נור שקלאַפינען. דו ווילסט דאָס געלד נישט נעהמען? גוט, מיין טהייערער הערר, נעם די פּאַפּירען און פערקויף מיך אַ אַנדערען. מיר איז אַלץ איינס און דו האָסט דאָס רעכט אַזוי צו טהון. אפשר וועל איך בעקומען אַ אַנדערען גוטען הערר. ווער ווייס?

*) די מאַהמעדאַנער שווערען זיך אויף מאַחמעד'ס, זייער נביא'ס באָרד.

זי האָט די ברעמען אַראָבגעלאָזט, ווי זי וואָלט זיך געבייזערט, נאָר באַלד האָט אַ שטראָם טרעהרען איהר פּנים בעגאָסען.

— איך בין אַ נאַר — האָט זי אַ געשריי געטהון — איך וועל שוין קיינמאָל קיין גוטען הערר נישט בעקומען, נאר אויב איך וועל בעקומען אַ שלעכטען, וואָס וועט מיך שלאָגען, וועל איך מיט געדולד ע־טראגען די יסורים און וועל געדענקען דיך, מיין גוטער הערר, און מיין ציהרונג וואָס איז שענער פון גאָלד און זילבער — מיין שענע געמי. זאָל זי אללאה היטען! — און וועל האָטש וויסען, אַז איך האָב אייך געגעבען מיין געלד און פון אייערטוועגען אַרבייט איך ביי טאָג און ביי נאַכט, ביי טאָג און ביי נאַכט.

ישראל האָט לעננער נישט געקענט הערשען איבער זיך. ער איז גיך אַרויסגעלאָפען אין זיין צימער און האָט זיך צעוויינט. אין האַרצען האָט ער דאָך געשפּירט נייעס כה און נצחון. זאָלען אַלע אויף איהם זאָגען, אַז ער איז אַ אַכזר, אַ רוצח, אַ גזלן — עס געפינען זיך דאָך איידלע, פּשוט׳ע נפשות, וואָס ליעבען און שעצען איהם, עס געפינען זיך דאָך הערצער, וואָס פערשטעהן זיך גוט אויף איהם.

ער האָט אויפגעזעצט אַ בריעף אין בן־אבו׳ס נאָמען צום קאַיד אין שאווען, וואו אבשלום׳ס אונגליקליכע חברים זענען געזעסען אין דער תפיסה, אַז מען זאָל זיי בעפרייען. דעם בריעף האָט ער גחתמ׳עט מיט בן־אבו׳ס חתימה, פערשטעהט זיך, אָהן זיין וויסען. וואָס דערנאָך וועט זיין — געהט איהם נישט אָן, עס קען זיין, אַז בן־אַבו וועט קיינמאָל דערפון נישט וויסען, ווארום עלי, וואָס וועט מיט דעם בריעף פאָהרען קיין שאווען, וועט די אונגליקליכע ווארנען, אַז זיי זאָלען קיין מעטוען קיינמאָל נישט צוריקקומען. שאווען איז אויך זעהר ווייט פון טעטוען, אַ ערך פון זעכציג ענגלישע מייל! אויב בן־אבו וועט דאָך געוואָהר ווערען, וועט ער, ישראל, נעהמען די גאַנצע זינד אויף זיך, און עלי וועט שוין זיין ווייט פון דאַנען, ווארום ער וועט באַלד פאָהרען קיין ענגלאַנד.

— קיין ענגלאַנד! האָט עלי אַ געשריי געטהון — דאָרט זענען דאָך בלויז ווייסע מענשען.

— ווייסע, מיט ווייסע, ריינע הערצער! האָט ישראל איהם בערוהיגט — דאָרט געשעהען נישט אַזוינע עוֹלות ווי דאָ. דאָרט איז יעדער זיכער מיט דעם לעבען און פערמעגען.

דעם זעלבען אָווענד האָט עלי זיך געזעגענט מיט ישראל׳ן און נעמי׳ן; ער איז פון זיי אַוועק מיט אַ פערבלוטיגט האַרץ. ישראל איז צו איהם געווען ווי אַ פאָטער, נעמי — ווי אַ שוועסטער און דאָך וועט ער זיי שוין מעהר נישט קענען זעהען. ער איז אָבער שטאָלץ געוועזען פון דעם שליחות, וואָס ישראל האָט איהם פערטרויט און דעריבער האָט ער זיך בעמיהט רוהיג צו זיין.

— אַ גוטע נאַכט! האָט ער געזאָגט צו נעמי׳ן, דריקענדיג איהם די האַנד; אויף איהר בלינד פּנים איז ער נישט דרייסט געוועזען צו קוקען.

— אַ גוטע נאַכט! — האָט זי איהם געענטפערט, איהם אַרומנעמענדיג מיט איהרע הענד און געקושט אין פּנים.

— אַ גוטע נאַכט פֿאָטער! — האָט ער געזאָגט צו ישראל'ן מיט אַ וויינענדיג קול.

— אַ גליקליכע רייזע, מיין זוהן! — האָט איהם ישראל געענטפֿערט — טהו אַלין, וואָס איך הייס דיך.

— זאָל גאָט פֿערבּרענגען מיין עלטער־יידען, אויב איך וועל אַלין נישט טהון! — האָט עלי געזאָגט שאַרף.

דערנאָך האָט ער דאָך זיין ריזה פֿערלאָרען און אַוועקציהענדיג ישראל'ן אין אַ זייט, אַז נעמי זאָל נישט הערען זיינע ווערטער, האָט ער שלאָכצענדיג געזאָגט:

— ווען... ווען... איך וועל אַוועקפֿאָהרען... זאָג נישט... זאָג נישט... איהר... אַז איך בין שוואַרץ...

און ער איז גיך אַרויסגעלאָפֿען פֿון צימער.

— זיי מצליח! — האָט איהם ישראל נאָכגעשריען — זיי מצליח מיין אײדעל, פּשוט האַרץ!

אַ טאָג דערנאָך איז ישראל געגאַנגען צום קאַ״ה, אום זיך אָבצוזאָגען פֿון זיין שטעלע. ער איז געגאַנגען גלייך, האַלטענדיג דעם קאָפּ אין דער הויך. אַ שווערע משא איז איהם פֿון האַרץ אַראָבגענומען געוואָרען, עס איז איז איהם לייכטער געוואָרען און ער האָט זיך געשפּירט פֿרייער. מענשען אין די גאַסען האָבען זיך פֿאַר איהם נידריג גע־נייגט. און ווען ער האָט זיך אַבּיסעל ערווייטערט פֿון זיי, האָבען זיי איהם געשאָלטען. בעטלערס פֿאַר די מעטשעטען האָבען געשפּיען אונטער איהם. אַ אָרימער שמיעד, וואָס האָט צונעשמיעדט אַ פֿאַרשיווע מיל־עזעל אַ פּאָדקאָווע צום פֿיס, האָט אויפֿגעהויבען זיין פֿערשוויצט, מיאוס פּנים אום זיך צו קרימען געגען ישראל'ן, וואָס איז פֿאַר איהם פֿאַרביי געגאַנגען. עטליכע אָבגעריסענע אָרימעלייט זענען געשטאַנען און עסען געגעבען זייערע אויסגעדאַרטע אײזלען, קוקענדיג אויף דעם הימעל, אויב עס ווייזט זיך נישט עפּיס אַ וואָלקען. ווען זיי האָבען דערזעהען ישראל'ן האָבען זיי געשריען אין אַלע זייטען:

— אַרראַה! בלק!

גאַסען־יונגען האָבען איהם נאָכגעשריען ביים נאָמען, געשאָלטען, געזידעלט.

איהם איז אָבער דאָס אַלין נישט אָבגעגאַנגען, ער האָט די אָרימע אונגליקלי־כע נישט בעשולדיגט. זעקס אין צוואַנציג יאָהר איז ער געוועזען צווישען זיי אַ עֶבד כנעני. היינט ווערט ער אַ פֿרייער מענש און מאָרגען וועט ער זיין גלייך מיט אַלע.

נעבען דעם קאַ״ה'ס פּאַלאַץ האָט ישראל דערזעהען פֿיעל אַראַבער, אַ מענגע זעלנער, צוזאַמענגעלאָפֿענע פֿריען, וואָס האָבען מיט נייגעריגקייט געקוקט דורך די טהויערען. אַריינגעהענדיג אין הויף, האָט ער דערזעהען בן־אבו'ן מיט זיין פֿרוי עקאַטערינען זיצענדיג, און פֿאַר זיי איז געשטאַנען אַ פֿרעמדער מענש.

ישראל האָט זיך די אויגען אויסגעווישט. איז דאָס מעגליך, אַז דאָס זאָל טאַקי זיין מאַחמעד פֿון מאַקינעץ?

צונעהענדיג אַביסיל נעהנטער, האָט ער גוט געקענט בעטראַכטען דעם מענש. יאָ, דאָס איז באמת געוועזען מאהדי. ער איז געקומען צום קאַיד אום פֿון אידם צו פֿערלאַנגען, אַז ער זאָל פֿריי לאָזען פֿון דער תפיסה אבשלום׳ס חברים.

ער א׳ז געשטאַנען פֿאַר דעם קאַיר אין די פּאַנטאָפּעל, האָטש אין מאַראָקאָ מוז יעדער שטעהן בארפֿוס פֿאַר אַ גרויסען מאַן; אלס אַנצוג האָט איהם געדיענט א אונ־אויסגעארבייט פֿעל פֿון אַ קעמעל, וואָס האָט איהם געגרייכט ביז צו די קניה. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטען אין דער הויך און זיינע ווילדע אויגען האָבען געשאָסען פֿייער. ער האָט נישט געבעטען, נאָר פֿערלאַנגט.

— גיב זיי מיר ארויס, בן אבו! — האָט ער געשריען פּונקט דאַמאָלס, ווען ישראל איז דאָרט אַריין געקומען — ווארום אויב זיי וועלען שטאַרבען אין דער תפיסה, זאָג איך דיר נור איין זאַך.

— וואָס, וואס וועט זיין? — האָט בן־אבו מיט געלעכטער געפֿרעגט.

— מיט בלוט וועט זייער רוצח פֿאַר זיי בעצאָהלען.

בן־אבו האָט די ברעמען איינגעצויגען, א קוק געטהון אויף עקאטעדינא׳ן און מיט א געניית געלעכטער געפֿ־ענט:

— איך בעט דיך, מיין גנעדיגער הערר, זאָג מיר: ווער איז זייער רוצח?

מאהמעד פֿון מאקינעץ׳ן האָט אויסגעצויגען די האַנד און געענטפֿערט:

— דו!

נאָך דער תשובה איז אַ ווייל שטיל געוואָרען. בן־אבו האָט זיך געריהרט אויף זיין געזעס און עקאטעדינא האָט אַ ציטער געטהון.

בן־אבו האָט אַ קוק געטהון אויף מאהמעד׳ן. ער איז דאָך קאַיד, באשא, הערר־שער איבער דרייסיג מייל און דאָך האָט ער מורא פֿאַר דעם, וואָס שטעהט פֿאַר איהם. וועלכען דאָס פֿאָלק רופֿט: נביא.

און אַ ביסיל פֿאַר מורא, אַ ביסיל איבער די דרייסטינקייט פֿון מאהדי׳ן, וואָס האָט די העזה, אַזוי צו רעדען אין זיין הויף ביי די מויערן פֿון זיין תפיסה, וואָלט בן־אבו שוין ע־לויבט אַרויסצולאָזען די אונגליקליכע פֿון דער תפיסה אין שאַיזען.

נאָך אין דער זעלבער מינוט האָט עקאטעדינא איהם דערמאַנט, אַז מאהדי האָט זי דערצאַ־נט דע־מיט, וואָס ער זאָגט עפֿענטליך, אַז זי קען ניט געדעבענט ווערען פֿאַר בן־אבו׳ס ווייב.

— דאס איז דאָך דער זעלביגער בּויגעל — האָט זי געזאָגט — וואָס שרייט אין גאַנצען לאַנד, אַז דו האָסט נישט געטאָ־ט מיט מיר התונה האָבען!

בן־אבו האָט פֿערשטאַנען, אַז איצט פּאַסט איהם נישט צו טהון, וואָס מאהדי הייסט איהם. דעריבער האָט ער זיך ווידער גענייט צום לאַכען און האָט געזאָגט:

— אַללאַה! דאָס איז דאָך ער! ער אַליין! מאחמעד דער דריטער! וואָס, נייַן? מאהמעד פֿון מאקינעץ! אָ, גאָט וועט דיר בעצאָהלען! אַ דאַנק דיר! אַ דאַנק דיר! דו האָסט קיין בענריף נישט, ווי לאַנג איך האָב שוין געוואָרט צו קענען קוקען גלייך אין די אויגען אַריין דעם נביא. וואָס בעשולדיגט דעם קאַיד, אַז ער פֿיהרט זיך נישט אַזוי, ווי אַ ערהרליכער מאַהמעד׳אַנער ברויך זיך צו פֿיהרען!

בן־אבו האָט דאָס געזאָגט מיט א גרויס געלעכטער, נאָר מאַהמעד האָט זיין לאַכען באַלד געשטילט.

— וואַרט נישט, בן־אבו — האָט ער אַ געשריי געטהון — נאָר קוק איהם גוט אָן און זיי וויסען, אַז מיט דעם, וואָס דו האָסט התונה געהאַט מיט אַ קריסטין, האָסט דו אַ גרויסע זינד געטהון! דו וועסט דעריבער קיין קינדער נישט האָבען און דער טויט וועט גיך קומען צו דיר!

בן־אבו האָט לענגער זיין כּעס נישט געקענט איינהאַלטען. ער האָט זיך אויפֿ־געהויבען פֿון געזעס און געשריען:

— נביא, דו בריענגסט דיך אַליין אום! די הינד, פֿיר וועלכע דו בעטסט, ווע־לען בלייבען אין דער תפיסה, ביז זיי וועלען פּגר'ן פֿון הונגער און יסורים! אויף מיין פֿאָטערס באָרד שווער איך דיר!

מאַהמעד האָט קיין ציטער נישט געטהון. שאָקלענדיג דעם קאָפּ האָט ער מיט העזה געשריען:

— אויב דו, בן־אבו, רופסט מיך נביא, הער אַלזאָ מיין נביאות. איך זאָג דיר, אַז איידער עס וועט זיין דאָס, וואָס דו האָסט איצט געזאָגט, וועט פֿריהער דיין פֿאָטערס הויז און דו אַליין פֿערטיליגט ווערען. דו וועסט אַ סוף האָבען ווי אַ בייזער הונד!

עקאַטערינאַ, הערענדיג די ווערטער, האָט זיך אויפֿגעהאַפּט און געשריען צו די באָרפֿיסע זעלנער, וואָס זענען געשטאַנען דערביי:

— האַפּט איהם! לאָזט איהם נישט אַנטלויפֿען!

די זעלנער האָבען זיך אָבער פֿון זייער אָרט נישט גערוהרט. בן־אבו איז אונ־מעכטיג געפֿאַלען אויף זיין געזעס, און מאַהדי האָט ווייטער געשריען:

— דו וועסט פּגר'ן! אַ מיתה־משונה וועסט דו האָבען!

בן־אבו האָט שרעקליך געציטערט. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז אָט, אָט שטאַרבט ער שוין. ער האָט זיך אָבער גיך ערמונטערט און אַ געשריי געטהון:

— אַוועק! אַוועק!

— איך געה! — האָט רוהיג געענטפֿערט מאַהדי — נאָר נאָך מיין אַוועק־געהן איבערלעג דיר, ווי דו זאָלסט דיך אויפֿפֿיהרען.

— דו ווילסט מיך איבערשרעקען? — האָט בן־אבו געשריען — דו וועסט געהען צום סולטאַן? דו וועסט דיך ווענדען צו עַבְד־עִר־רַהְמַן?

— ניין, בן־אבו, — צו גאָט!

מיט די ווערטער איז מאַהמעד פֿון מאקינעין אַרויסגעגאַנגען רוהיג פֿון פּאַלאַץ, און קיינער איז נישט דרייסט געוועזען איהם אויפֿצוהאַלטען. בן־אבו איז אונמעכטיג געפֿאַלען אויף זיין געזעס.

ווען ער האָט זיך דערנאָך ערמונטערט, האָט ער דערזעהען ישראל'ן אויף דער שוועל און האָט איהם צו זיך צוגערופֿען.

מיט שוואַכע טריט וואַקלענדיג זיך איז ער מיט ישראל'ן געגאַנגען אין אַ זייט און געזאָגט:

— אָ, איך קען דעם פֿויגעל! אַללאה! אַללאה! האָטש ער ריהמט זיך, אַז ער איז אַ נביא און קען בעווייזען נסים, איז ער געגאַנגען צו עבד-ער-רהמן, גאָט וועט ווייזען! איך האָב פֿאַר איהם קיין מורא נישט! עבד-ער-רהמן האַלט איהם פֿאַר אַ שפּיאָן צו זיינע באשא׳ס. אַ פֿעל פֿון אַ קעמעל! אַללאה! אַ שענער אַנצוג!

— הער נור! — האָט ער דערנאָך צו ישראל׳ן געזאָגט — דו האָסט מיין התימה?

ישראל האָט שטילערהייט אַרויסגענומען די התימה פֿון קעשענע.

— גוט! איצט הער, אין נאָמען פֿון גאָטס חסד! די הינד פֿון שאַווען נישט פֿריילאָזען, נאָר געבען עסען, נאָר אויב עס וועט מקוים ווערען, וואָס ער האָט געזאָגט, דו הערסט? ווען עס וועט מקוים ווערען — גאָט זאָל מיך בעשירמען! — דאָס וואָס ער האָט געזאָגט, זאָלסט דו אין דערזועלבער מינוט שיקען אַ בעפֿעהל, מיט מיין התימה גע׳התמ׳עט צום קאַיד פֿון שאַווען — דו הערסט? צום קאַיד פֿון שאַווען, אַז מען זאָל אַלע אויסהאַקען מיט אַ שווערד, מענער און ווייבער. אַללאה! אַללאה! איך וועל ווייזען עבד-ער-רהמן׳ס שפּיאָנען! און עס וועט זיין אַ טרויער אויף מיין לויה. אָ, גרויסע היילינגע! גרויסע היילינגע! — אַ טרויער וועט זיין, זאָג איך דיר, אַ טרויער פֿאַר די, וואָס ווילען, אַז ביי מיין טוידט זאָלען זיי זיך פֿרעהען!

ישראל האָט אויף דעם אַלעם נישט געענטפערט. זיינע אויגען זענען געווען בעדעקט מיט אַ נעפעל, און ער האָט קוים געזעהען וואו ער שטעהט. און האָטש בן-אבו׳ס הייסער אָטהעם האָט איהם זיין פּנים געברענט, דאָך האָט ער כּמעט נישט גע-הערט, וואָס ער רעדט צו איהם.

נאָר ווי טאַקי דורך אַ נעפעל האָט ער געזעהען דעם שאַטען פֿון בן-אבו, וואָס איז געלאָפֿען אַהין און אַהער, און ווי דורך אַ שווערע דעק האָט ער געהערט, ווי עקאַטערינא, בעמיהענדיג זיך צו בערוהיגען בן-אבו׳ן מיט שמייכלען — האָט צו איהם געזאָגט:

— איך האָב עפּיס געהערט פֿון דיין שענער טאָכטער — פֿון דיין נעמי׳ן — אַז זי הערט שוין און קען שוין רעדען. ווען איז דאָס געשעהען? דו ענטפֿערסט נישט? דו ביסט מיעד? זי איז אָבער נאָך בלינד? יאָ? אָ, דאָס אונגליקליכע, אָרימע קינד! זי איז נעביך בלינד! היט זי!

ישראל האָט אפילו נישט געקוקט אויף איהר און איז אַלץ נאָך געשטאַנען נישט ריהרענדיג זיך מיט דער התימה אין דער האַנד.

און בן-אבו איז ווייטער געלאָפֿען שרעקליך בייז אַהין און אַהער. נאָר פּלוצלינג איז ער צוגעגאַנגען צו ישראל׳ן און אַ געשריי געטהון:

— פֿאַר וואָס ביזט דו אַ יוד? ישראל בן עליאל! די הינד, דיינע יודען האָבען דיך פֿיינד. נעם אָן דעם נביא׳ס גלויבען! זיי אַ מאהמעד׳אַנער! — וואָס שטערט דיר?

ישראל האָט ווייטער נישט געענטפֿערט און בן-אבו האָט ווייטער געזאָגט:

— הער! אַלע וואָס זענען ביי מיר דיענען דעם סולטאַן, דו אָבער ביזט דער בעסטער דיענער פֿון אַלע, וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט. נעם אָן אונזער גלויבען,

וועל איך דיך מאכען פֿאַר א כאליף, דו הערסט — אַ כאליף וועסט דו זיין און הער־שען וועסט דו גלייך מיט מיר.

— פֿאַר וואָס ענטפֿערסט דו נישט? — האָט ער אַ געשריי געטהון זעהענדיג אז ישראל זאָגט קיין וואָרט נישט — דו ביזט אין דער לעצטער צייט משוגע געוואָרען, פונקט אזוי, ווי דו ביזט געוואָרען ווייך און אַ בעל־רחמנות, ווי א פֿרוי?

דאַמאָלס ערשט האָט ישראל אָנגעהויבען צו רעדען און אַ אוננעוועהנליכע מעשה איז געשעהן.

(פֿארטזעצונג קומט).

# ר' יהודה הלוי.

ה.

דער ספר „הכוזרי" איז געשריבען אויף אראביש. אויף דער שפראך האבען אלע יודישע גאונים אין דער ספרד'שער תקופה געשריבען זייערע ספרים. און ר"י אבן תיבון האט איבערזעצט דעם „הכוזרי" אויף העברעאיש.

ר' יהודה הלוי האט געשריבען דעם ספר, כדי צו דערווייזען דעם אמת און די הייליגקייט פון אונזער תורה, דאס השיבות פון דעם יודישען פאלק אין אונזער לאנד.

דער יסוד פון דעם ספר איז א היסטאָרישער פאקט, וואס דער מלך פון די כוזרים מיט זעהר פיעל פון זיין פאלק האבען זיך מגייר געווען.

ר' יהודה הלוי האט אויסגעשטעלט דעם פלאן פון דעם ספר גלייך ווי דער מלך הכוזרים, וועלכער האט שוין אויסגעפרעגט דעם פלוסוף, וואס ער האט איהם מיינען געווען אַוועקוואַרפען די געטצען און ארומגעהן אהן א אמונה, און נאכהער האט ער אויסגעדערט די שלוחים פון די נוצרים און מהמדים, וואס יעדער פון זיי האט גע־דרונגען אז זיין גלויבען איז בעסער און יעדער האט איהם געבראכט ראיות כסדר פון תנ"ך. אז ער, דער כוזרי, האט דאס געזעהן, אז די צוויי אמונות נעהמען זיך אויך פון דער יודישער אמונה, און פון איהר קריגען זיי אלע זייערע טענות און ראיות אויף דעם גערעכטיגקייט פון זייער אמונה, האט ער זיך מישב געווען און האט גערופען צו זיך א יודישען חכם, וועלכער ווייזט איהם אויס דעם אמת פון אונזער יודישער אמונה.

ר' יהודה הלוי איז געווען א אמת'ר יוד. מיט זיין גאנץ הארץ און נשמה איז ער געווען איבערגעגעבען צו זיין פאלק און צו זיין תורה. אין זיינע חקירות וועגען דעם השיבות פון דער יודישער אומה און פון דער תורה איז ניט דא קיין ערב־רב פון פרעמדע געדאנקען. ער האט ניט געשטעלט דעם בנין זיינעס אויף א פרעמדען יסוד, ווי כמעט אלע אנדערע יודישע פילאָזאָפען, וואס זענען כסדר נאכגעגאנגען די גריעכישע פילאָזאָפען — אריסטאטעלעס און פלאטא. זיי האבען געוואלט איינפלאנ־צען פרעמדע בלומען אין אונזער יודישען גארטען. זיי האבען געוואלט פעראייניגען און פערגלייכען זייערע געדאנקען מיט אונזער תורה. ער, ר' יהודה הלוי, מיט זיין ליב־טיגען שכל און מיט זיין וואַרים האַרץ, אין וועלכען עס האט געברענט א הייליג פייער, א פייער פון ליעבע צו גאט און צו די יודען, האט געוואוסט צו זוכען די טייער־

קייט און הייליגקייט פֿון אונזער תורה נאָר אין אַ אַנדער אַרט ווי יענע פֿילאָזאָפֿען האָבען געזוכט. ער האָט געקענט שעצען דאָס השיבות פֿון אונזער פֿאָלק און קוקען אויף דעם אַלעם גאָר אַנדערש ווי אַנדערע.

מיר האַלטען פֿאַר נויטהיג זיך אַביסיל מעהר אבצושטעלען אויף דעם עיקר־אינהאַלט פֿון ר׳ יהודה׳ הלוי׳ס „כוזרי״. ר׳ יהודה הלוי קומט אין זיין ספר צו דעם געדאַנקען, אַז דער עיקר איז ניט אין דעם, וואָס מען זאָל טראַכטען שען, נאָר מען זאָל טהון שען. און אין דעם בעשטעהט די הייליגקייט פֿון אונזער תורה און איהר גרויסער שטאַלץ. זי איז אַ תורה פֿון לעבען, אַ תורה, וואָס לערנט דעם מענשען ווי אַזוי זיך צו פֿיהרען אין לעבען, וואָס ער זאָל טהון, כדי ער זאָל זיין גליקליך און ניט זינדיגען געגען מענשען, געגען גאָט און געגען זיך.

אַזוי איז אונזער תורה. „חכמת יון״ האָט נאָך ר׳ יהודה הלוי׳ס רייד ניט קיין פּרות, נאָר בלומען״. די תורות זייערע, די פֿילאָזאָפֿי׳ע זייערע האָבען ניט די כונה צו פֿערבעסערען די מדות פֿון דעם מענשען, אויסצוריינינגען דאָס בלוטיגע האַרץ, אויסצופיינען די נשמה, נאָר זי וויל בלויז שאַפֿען די מוחות, נאָר אויף דרשׁ׳ן, און סטאַרעט זיך נאָר ניט ברענגען לידי מעשה. אָט דאָס אַליין איז דער צוועק זייערער, פֿון קיין אַנדערען צוועק ווייסען זיי ניט. און דערמיט שטעהען טאָקי די יודען העכער און שענער פֿון אַנדערע פֿעלקער, וואָס נאָט האָט זיי בעשענקט מיט דער הייליגער תורה, וואָס איהר גאַנצע השתדלות איז ניט צו שאַפֿען דעם מח, נאָר צו דערוויכען דאָס האַרץ.

ווען די פֿילאָזאָפֿען ווייזען אונז אַפֿילו אויף אייניגע גוטע הנהגות, אויף מדות־טובות, זענען זיי געקומען דערצו דורך דעם מוח, דורך דעם קלערען. דער פּראָסטער עולם אָבער, וועלכער איז ניט אַזוי קלוג און פֿערשטענדיג, בלייבט איבער אין מצב פֿון אַ בהמה, ווארום ער קען ניט קומען צו די הויכע רעיונות, צו וועלכע עס זענען געקומען די פֿילאָזאָפֿען מיט זייערע גרויסע קעפּ. נאָר אונזער תורה איז ניט אַזוי. איהר מקור איז די קבלה, דאָס האַרץ, און איהרע טויערען זענען אָפֿען פֿאַר איטליכען. יעדער וואָס האָט אַ האַרץ, וועט זי פֿיהלען און קענען פֿערשטעהן.

דערפֿאַר איז דאָס יודישע פֿאָלק שענער און אידעלער פֿון אַנדערע פֿעלקער, ווייל די תורה איז ניט ווייט פֿון איהם. איך מיין: די נשמה פֿון דעם פֿאָלק איז מסוגל צו דער הייליגער תורה. און דער גייסט. וואָס שוועבט אין דער גאַנצער תורה, און די רייד פֿון אונזערע נביאים און אַלע אונזערע גרויסע לייט, האָט אָנגעזאַפּט דעם גאַנצען פֿאָלק.

און אַזוי ווי ער האָט ליעב געהאַט די יודישע תורה, דאָס יודישע פֿאָלק, אַזוי איז אויך געוועזען ביי איהם טייער און הייליג דאָס יודישע לאַנד.

דאָס קלימאַט און די נאַטור פֿון אונזער לאַנד איז, נאָך זיין מיינונג מסוגל, אַז די נבואה זאָל דאָרט רוהען. נור די יודישע ערד איז מסוגל אַרויסצוגעבען די בשׂמים׳דיגע־פֿלאַנצען פֿון מדות טובות. די נביאים האָבען גערעדט נור דאָרט. אפילו די נביאים, וואָס האָבען גערעדט אין אַ פֿרעמדען לאַנד, האָבען אויך גערעדט זייערע רייד וועגען ארץ ישראל.

— און אין אֶמת׳ן, — זאָגט ר׳ יהודה הלוי, — איז אַ גרויסע זינד, וואָס אַ־סך פֿון אונז האָבען פֿערגעסען ארץ ישראל. און ווען זיי זאָגען: „רַחֵם עָלֶיהָ כִּי הִיא בֵּית חַיֵּינוּ“, איז דאָס נור אַ פּלאַטערן מיט די ליפּען, ווארום אין אֶמת׳ן איז דאָס לאַנד ניט זייער לעבען און ציעל. — ווען אפילו — זאָגט ר׳ יהודה הלוי — אונזער לאַנד זאָל מעהר ניט האָבען, נור די איינע מעלה, וואָס די שכינה האָט זיך דאָרט געפֿונען אין אַזאַ לאַנגער צייט ווי 90 יאָהר, וואָלט אויך געווען אַ יושר, אַז די נשמה פֿון יעדען ייד זאָל זיך ציהען קיין ציון; ווער שמועסט, אַז דאָס לאַנד האָט ניט אנגעווארען די הייליגקייט אין אַלע צייטען, ביז אויף היינטיגען טאָג.

— ביי אונז געפֿינט זיך נאָך היינט אויך — קלאָגט ר׳ יהודה הלוי מיט טרעהרען — די שווערע זינד, אַז אין אונזערע ווערטער: „הִשְׁתַּחֲווּ לְהַר קָדְשׁוֹ“, „הִשְׁתַּחֲווּ לַהֲדֹם רַגְלָיו“, „הַמַּחֲזִיר שְׁכִינָתוֹ לְצִיּוֹן“ איז ניט דאָ קיין ברעקעלע אֶמת. די יודען זאָגען נור אַזוי ווי דאָס נאָכפּלוידערען פֿון אַ פּאַפּאַגאַי. זיי הערען זיך גאָר ניט צו וואָס זיי רעדען.

אויף די פֿראַגען — ווי אַזוי קען עס זיין, אַז יודען, וואָס גאָט האָט זיי אַזוי ליעב און האָט זיי געשענקט זיין הייליגע תורה, זאָלען אַזוי פֿיעל ליידען צרות און זייער מצב זאָל זיין אַזוי שרעקליך, — אויף דער פֿראַגע ענטפֿערט ר׳ יהודה הלוי: מיר זעהען דאך אויך, אַז לייט׳שע מענשען, צדיקים ליידען יסורים. אָבער מען טאָר זיי ניט חושד זיין, אַז גאָט בעצאָהלט זיי נאָך זייערע שלעכטע טהאַטען.

אֶמת די יודען ליידען אַסך צרות פֿון זייערע שונאים; נאָר די יודען רעכענען זיך צווישען אַלע פֿעלקער אַזוי ווי דאָס האַרץ צווישען אַלע אֵברים. דאָס האַרץ איז מסוגל צו שלאָפֿקייטען מעהר ווי אַלע אֵברים. נאָר זיין כח פֿון אויסהאַלטען איז אויך זעהר גרויס. ס׳לאָזט זיך ניט אויס ביים יודישען פֿאָלק דער כח און עס האָפֿט אַז ס׳וועט נאָך אַמאָל לעבען אָהן יסורים און אָהן וועהטאָגען. דערפֿאַר וואָס מיר האָבען די תורה, דאַרפֿען מיר וויסען, אַז ווען מיר זענען אפילו צושיידט און אַרויסגעטריבען געוואָרען פֿון אונזער לאַנד, זאָלען מיר ניט מיינען, אַז מיר זענען שוין אַ אָבגעשטאָרבען פֿאָלק. ווארום דער עיקר יסוד פֿון יודישען פֿאָלק איז מקיים צו זיין די תורה, די מצוות, וועלכע דיענען פֿאַר אַ צוזאַמענבינדונג צווישען גאָט און צווישען די יודען.

ווי דאָס האַרץ איז פֿול מיט האָפֿנונג, אַזוי האָפֿט דאָס יודישע פֿאָלק, אַז גאָט וועט עס נאָך אויסלייזען פֿון דעם גלות און אויפֿבויען אַלעס, וואָס ער האָט צובראָ־כען, און וועט אונז ברענגען קיין ציון.

מיט אַזוינע ליכטיגע אויגען האָט ר׳ יהודה הלוי געקוקט אויף אונזער תורה, פֿאָלק און לאַנד! ניט אומזיסט איז געווען זעהר גרויס דער איינפֿלוס פֿון דעם ספר „הכוזרי“ אויף אַלע יודישע גדולים צו יעדער צייט. ניט אומזיסט רעכענט זיך „הכוזרי“ פֿאַר אַ הייליגען ספר ביי אַלע קלאַסען יודען. איינער אַ יודישער גאון האָט געזאָגט: דעם רמב״ם׳ס רייד זענען נאָהענט צום אמת. דעם רלב״ג׳ס זענען הוילע ליגענס און ר׳ יהודה הלוי׳ס רייד זענען הוילע אֶמת׳ן. און ר׳ עזריהו מן האדומים האָט געזאָגט

אויף איהם דעם פסוק: "הִשָּׁמֶר לְךָ פֶּן תַּעֲזֹב אֶת הַלֵּוִי!" היט זיך, זאָלסט ניט אוועק־לאָזען דעם לוי, ד. ה. דער כוזרי זאָל תמיד זיין פאר דיינע אויגען.

---

ו.

ר' יהודה הלוי איז געווען אַ נָאֶה דוֹרֵשׁ וְנָאֶה מְקַיֵּם. דאָס וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער אויך מקיים געווען. ווי באַלד ער איז געקומען אין ספר „הכוזרי" צום געדאַנקען, אַז יודען אין גלות זענען ווי דאָס האַרץ, וואָס איז געוואָרען איבערגעטראָגען אויף אַ אַנדער אָרט, האָט ער אָנגעהויבען צו טראַכטען וועגען פאָהרען קיין ארץ ישראל, זעהען יעדע חורבה, יעדעס שטיינדיל, וועלכע זענען איהם אַזוי טייער און הייליג געווען.

און דאַמאָלס האָט ער אָנגעהויבען זינגען די לידער זיינע, אין וועלכע ער האָט אויסגעגאָסען אין גאַנצען זיינע חלומות, זיינע אַלע פאַנטאַזיעס, די פייערדיגע געפיהלען, וועלכע האָבען איהם געצויגען קיין ארץ ישראל; אויסגעגאָסען אין גאַנצען די ביטערקייט פון זיין נשמה, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט צרות פון יודישען פאָלק; אויסגעגאָסען אין גאַנצען דאָס יודישע וואַרימע האַרץ, וואָס האָט אַזוי געבענקט נאָך ציון, „וואו נאָך האָט גערעדט מיט זיינע נביאים," וואו די שכינה איז ווי אַ שטענדיגער תושב, „וואו עס געפינען זיך איין די שַׁעֲרֵי הַשָּׁמַיִם". אַ לאַנגע צייט האָט ער אויפגעהערט צו זינגען זיינע שירים. זיין פּאָעטישע נשמה האָט ניט געקענט טראָגען אויף זיך דעם אייגענעם נאָמען, וואָס האָבען געטראָגען אַנדערע משוררים, וועלכע זענען ניט בעשענקט מיט אַ טאַלענט צו שירה ווי ער. ער האָט ניט געקענט צוזעהן, ווי מען בענעהמט זיך מיט דער געטליכער מתנה, בשעת יעדער, ניט קוקענדיג צי ער האָט טאַלענט צו שרייבען שירים צי ניט, האָט זיך נעהאַפּט צו דער פען. דערפאַר האָט ער זיך אַ נדר געטהון ניט צו שרייבען קיין שירים. אויך איז מעגליך, אַז דערפאַר וואָס ער איז געווען פערנומען פיעל צייט מיט דער אַרבייט פון דעם ספר „הכוזרי", אין וועלכען יעדעס וואָרט איז געווען אָבגעוואויגען און אָבגעמאָסטען, האָט ער זיך דערווייטערט פון שרייבען שירים.

נאָר דעם נדר האָט ער ניט אויסגעהאַלטען. איז דען דער אֶמת'ר משורר ביי זיך אין די הענד? איז ער דען דער בעל הבית איבער זיינע אינערע געפיהלען, וואָס פאָדערען אַז מען זאָל זיי שרייבען און זינגען! ניין, די מוזע געוועלטיגט איבער איהם און צווינגט איהם צו שרייבען, האָטש ער וויל ניט. דער נאַכטפויגעל זינגט ניט דערפאַר, וואָס ער וויל, נאָר דערפאַר וואָס ער קען אין מוז.

אויך האָט דער גרויסער יודישער קלאָגער, וואָס זיין קרעכץ איז דער קרעכץ פון דעם גאַנצען יודישען פאָלק, די טרעהרען זיינע די אייגענע פון דער גאַנצער יודישער אומה, ניט געקענט מקיים זיין דעם נדר. ער האָט נאָך אַמאָל גענומען די פעדעל אין דער האַנד, און אַזוי ווי אַ טייך האָט זיך צוגאָסען דער יודישער נאַציאָנאַל־טרויער אין זיינע לידער. ווארום וואָס איז דען אונזער נאַציאָנאַל־ליעד, אויב ניט דער קרעכץ פון דער יודישער אומה, וואָס איז פערוואַגעלט געוואָרען פון איהר לאַנד? היינריך

היינע, איינער פון די בעריהמטע פאָעטען אין אונזער צייט, האָט מיט גאָלדענע ווערטער בעזונגען די פאָעטישע נשמה פון זיין שענעם ברודער יהודה הלוי! היינריך היינע, וואָס אין אַסך זאַכען האָט מען איהם געקענט צוגלייכען צו ר׳ יהודה הלוי, זאָגט וועגען איהם אין זיין ליעד די דאָזיגע ווערטער:

ריין און שען איז זיין ליעד,
ריין און שען ווי זיין נשמה אַליין,
ווען גאָט האָט זיין נשמה בעשאַפען,
קושט ער זי מיט דער ארבייט צופריעדען,
און גרויס איז געווען פונ׳ם קוש דער קלאַנג,
וועלכער הערט זיך אין משורר׳ס יעדען געזאַנג.

---

ז.

דער ספר „הכוזרי" ענדיגט זיך דערמיט, ווי דער מלך פון די כוזרים פרעגט דעם חכם, וועלכען ער האָט געבראַכט צו זיך: אויב ארץ ישראל איז יאָ אַזוי הייליג, אויב די תורה, דאָס יודישע פאָלק און דאָס יודישע לאַנד זענען איינס, וואָס קענען ניט זיין צושיידט — פאַר וואָס זשע האָבען די יודען פערגעסען אָן ארץ ישראל און זוכען ניט קיין מיטלען אומצוקעהרען צו זיך צוריק דאָס לאַנד?

דער חכם איז מודה איהם אויף זיינע רייד, אַז די יודען דאַרפען תמיד אין זינען האָבען ארץ ישראל. אין איניגע צייט אַרום זעהען מיר טאַקי אַז ר׳ יהודה הלוי האָט זיך גענומען שטרעבען אויסצופיהרען דעם געדאַנק, וועלכער איז געווען זיין שטערן, וועלכער האָט איהם געלויכט זיין לאַנג לעבען. אין דעם יאָהר תתק״א לאלף הששי האָט יהודה הלוי אַוועקגעוואָרפען זיין געבורטס־לאַנד און איז געפאָהרען קיין ארץ ישראל. ער האָט געהאַט אין דער היים איין איינציגע טאָכטער, נאָר דאָס האָט איהם ניט אָבגעהאַלטען. ער האָט אָבשייד גענומען פון אַלע זיינע חברים און גוטע פריינד און האָט זיך געריסען אַזוי ווי פון קייטען צו אונזער הייליג לאַנד.

דער וועג דאַמאָלס קיין ארץ ישראל איז געווען פול מיט סכנות צוליעב די מלחמות פון די קריסטען מיט די מאַהמעדאַנער. פון דעסטוועגען האָט ער ניט געקוקט אויף דעם אין האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען, נור צו פאָהרען קיין ארץ ישראל.

אין יעדען אָרט, וועלכען ר׳ יהודה הלוי איז דורכגעפאָהרען, האָט מען איהם מקבל פנים געווען מיט גרויס כבוד. אַלע יודישע גאונים זענען אַרויסגעפאָהרען אַנקעגען איהם. מען האָט איהם געגעבען פיעל מתנות, נאָר ער האָט ניט געוואָלט נעהמען. אין וויפיעל ערטער האָט מען איהם געוואָלט פערהאַלטען, ער זאָל ניט פאָהרען וויטער. מען האָט איהם געגעבען צו פערשטעהן, וואָס פאַר אַ סכנה ס׳איז אצונד צו פאָהרען קיין ארץ ישראל. ער איז אַ אַלטער מענש און ס׳וועט איהם שאַדען די נסיעה אויף דעם ים. נאָר ווי אַ פייגעלע פון שטייג רייסט זיך צו פרייהייט, אַזוי האָט זיך ר׳ יהודה הלוי געריסען קיין ארץ ישראל, און קיין שום זאַך האָט איהם ניט געקענט אָבהאַלטען.

אין מעהרערע שירים האָט ער אויסגעדריקט זיין בענקשאַפט נאָך ירושלים, זיין הויכען פערלאַנגען צו וויינען און קלאַגען אויף די חורבות פון אונזער אַמאָליגען לאַנד:

„איך בין אין מערב און מיין האַרץ איז אין מזרח“. „וואָס פאַר אַ טעם האָט ביי מיר מיין עסען דאָ אַידער איך בין געקומען קיין ירושלים“. און איין שיר וויגשט ער זיך צו זיין אַ קרבן אויף דעם מזבח פון ליעבשאַפט צום לאַנד. — וואָס פאַר אַ ווערטה — זאָגט דאַמאָלס ר׳ יהודה הלוי — האָבען ביי מיר אין גאַנצען די אוצרות פון ספרד אַנטקעגען איין הויפיל בלאָטע פון ירושלים!

אויף דעם ים איז ער פערשלאַפט געוואָרען. נאָר דער רצון זיינער צו קומען קיין ירושלים איז געוועזען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט איבערגעשטאַרקט די יסורים פון זיין שלאַפקייט. אויך האָט ער געהאַט טייערע און זיסע מינוטען, ווען ער פלעגט זיך פאַרשטעלען, אַז אָט אָט קומט ער קיין ירושלים, אָט אָט קומט ער צום ברעג, צו וועלכען ער רייסט זיך שוין אַזוי פיעל יאָהר מיט אַזאַ ברענענדיג האַרץ.

---

## ה.

דער וואונש זיינער האָט זיך ערפילט. ער איז אַריינגעטרעטען אין די טויערען פון ירושלים. נאָר גרויס איז געווען דער יאוש זיינער, ווען ער האָט געזעהען ווי וויסט איז דאָס לאַנד! ווי צוּבראָכען איז געוואָרען דאָס יודישע האַרץ זיינס, ווען ער האָט געזעהען ווי שווער ס׳ליגט די גוישע האַנד אויף דעם יודישען הייליגען לאַנד! טייכען טרעהרען האָבען זיך געגאָסען פון זיינע אויגען. טויזענדער ניהנס׳ס פייער האָבען געברענט דאַמאָלס אין זיין האַרץ. די קריסטען האָבען איהם זעהר דערעסען און פערביטערט דאָס לעבען.

איינמאָל איז ער געשטאַנען און געוויינט, זאָגענדיג דיא געגוג בעוואוסטע קינה זיינע „ציון הלא תשאלי נפשי“ ביים כותל־מערבי. און אַ מאַהמעדאַנישער רייטער, וואָס איז פאַרבייגעריטען, איז פאַר גרויס בייזקייט אַרויפגעפאָהרען אויף ר׳ יהודה הלוי, און דער צייט ווען ער האָט זיך געוואָרפען אויף דער ערד און האָט געקלאָגט זיין קלאַג־ליעד אויף ציון. דער אַלטער קערפער פון ערשטען יודישען פאָעטען איז צוטרעטען געוואָרען פון די פערדישע קאָפיטעס.

דער משורר איז געשטאָרבען און מיט איהם איז צובראָכען געוואָרען די פיעדעל, וואָס קלאָגט אויף ציון.

אַזאַ איידעלע און הייליגע נשמה האָט אַנדערש ניט געקענט פון אונז געהען. אפילו ביים פערלאָזען אונזער זינדיגע וועלט האָט זי געקרעכצט אויף די צרות פון איהר פאָלק. הייליג און שען איז געווען דאָס לעבען פון יהודה הלוי. און הייליג און שען איז ער געווען אויך ביז צו דער לעצטער מינוט פון זיין טוידט.

ש. צ. זעצער.

---

# די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור און איהרע בעסטע שרייבער.

פון גֵ ר צֶ דֶ ק.

אֶבֶן מָאֲסוּ הַבּוֹנִים
הָיְתָה לְרֹאשׁ פִּנָּה.

---

I.

מיט איטליכען יאָהר וואַקסט די חשיבות פון דער זשאַרגאָן־ליטע־אַטור. ניט נור דער המון לייענט די פראַכטיגע ווערק פון אונזערע זשאַרגאָן־שרייבער, נאָר אויך די אינטעליגענץ, די געבילדעטע פון פאָלק. די יודישע נאַציאָנאַלבעוועגונג האָט אַרויסגערופען אַ וואַרעמען אינטערעס צו אַלצדינג, וואָס האָט נור אַ שייכות צום יודישען לעבען. זי האָט אונז אויך שעטצען געלערנט דעם זשאַרגאָן און זיין ליטעראַטור. זי האָט אונז ענטפלעקט שטילע און גרויסע טאַלענטען, וואָס האָבען שוין צעהנדלינגער יאָהרען געאַרבייט צונוצען פון יודישען פאָלק, ניט וואַרטענדיג ביז זיי וועלען קריגען אויף דעם אַ הכשר פון רבנים, דאָקטוירים און העברעאישע ליטעראַטען.

עס איז אַוועק די נאַרישע צייט, בשעת אַ משכיל, אָדער אַ געענדיגטער פלעגט זיך שעמען לייענען אַ זשאַרגאָניש ביכיל. מען געפינט היינט זעלטען וואו אַ העברעאישען שרייבער, וואָס זאָל ניט האָבען געשריבען און געלייענט זשאַרגאָן. כמעט די בעקאַנטעסטע נעמען פון אונזערע העברעער טרעפט מען אָן אין די זשאַרגאָן בלעטער, און ניט קיין „שׂיחת הולין“ שרייבען זיי, ניט קיין גלייכוועורטליך, נאָר גוט בעטראַכטעטע קלוגע אַרטיקלען, און אויב מען טרעפט נאָך היינט אַ פאָר פערשייטע העברעאישע שרייבערס, וואָס שעמען זיך מיט'ן זשאַרגאָן און ווילען ניט „בעשמוצען זייער פעדער“, מיט מאַמע־לשון — איז דאָס שוין אַ גרויסע זעלטענהייט. אַלע קענען זיי מיט'ן נאָמען און מען טייטעלט אויף זיי מיט די פינגער, ווי אויף אַ וואונדערליכע בריה, וועלכע מען זעהט נור אין די באַלאַקאַנעס אויף די גרויסע יריד'ען.

איטליכעס מאָל, בשעת מען האָט געוואָלט ווירקען אויף די גרויסע מאַסען פון פאָלק, האָט מען זיך דערמאַנט אָן דעם זשאַרגאָן. נאָך איידער די משכילים האָבען

געשריבען זייערע ביכער אויף זשאַרגאָן (ריב"ל, עטינגער, צווייפעל און אַנדערע). האָבען שוין די יודישע פרוען געהאַט אַ איינענע פרומע ליטעראַטור. נאָר קיינמאָל האָט דער־זשאַרגאָן ניט געשפּיעלט די ראָליע וואָס היינט. — מען האָט שטענדיג געטראַכט, אַז דער זשאַרגאָן איז נור אַ מיטעל צו בילדען דאָס פאָלק, מען האָט זיך בעקלאָגט, וואָס מען מוז זיך נעהמען צו אַזאַ ניט יום־טוב'דיגען מיטעל, כדי צו דערהויבען די מאַסען פון פאָלק אויף אַ העכערע מדרגה. די משכילים האָבען געהאָפט, אַז דורך די בילדונג, וואָס מען וועט געבען דעם פאָלק אויף זשאַרגאָן, וועט עס ממילא אָנהויבען צו פעראַכטען דעם מאַמע־לשון און וועט מיט דער צייט רעדען די שפּראַכע פון לאַנד וואו ער וואָהנט. די העברעאיסטען טענה'ן נאָך היינט, אַז מען דאַרף בענוצען דעם זשאַרגאָן, כדי אויפצוועקען אַ חשק ביי'ן המון צו דער העברעאישער שפּראַכע, אַז דאָס ציעל פון די זשאַרגאָן־שרייבערס דאַרף זיין צו פער'מיאוס'ן אין די אויגען פון לעזער דעם זשאַרגאָן, כדי ער זאָל וואָס גיכער איהם פערבייטען מיט אונזער אַמאָליגער נאַציאָנאַלער שפּראַכע.

אַזוי האָבען געטראַכט אַ סך קלוגע קעפּ.

יאָהרען זענען פערגאַנגען און די קלוגע קעפּ האָבען פלוצים דערזעהען פאַר זיך, ווי עס וואַקסט אויף אַ נייע פאָלקסליטעראַטור, ווי זי ווערט ברייטער און ברייטער און בעשענקט אונז מיט טיעפע און שטאַרקע טאַלענטען. זיי האָבען מיט איינמאָל בעמערקט, אַז דער זשאַרגאָן האָט אַ דאָפּעלטען ווערט: ערשטענס, טראָגט ער אריין שכל'דיגערע בעגריפען און קלאָרערע בילדער אין מח פון פאָלק; צווייטענס, שפּיעגעלט ער אָב אין זיין ליטעראַטור די נשמה פון דער יודישער מאַסע, ד. ה. ער לערנט אונז אויס בעסער צו פערשטעהן און צו בעגרייפען אונזער אייגען פאָלק. און די זשאַרגאָן־ליטעראַטור איז היינט ניט נור אַ מיטעל צו בילדען דאָס פאָלק, נאָר אויך אַ טייערעס מיטעל צו בילדען אונזערע אינטעליגענץ, די דאָזיגע קלאַסען ביי יודען, וואָס האָבען זיך דערווייטערט פון פּראָסט יודישען לעבען און האָבען עס אויפגעהערט צו פערשטעהן, — און ווייטער זענען יאָהרען אַוועק.

דער ציוניזם איז געקומען, און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די העברעאישע שפּראַכע איז ביי איהם טהייער און ליעב, האָט ער אָנגעהויבען צו פיהרען אַ גרויסע אַגיטאַציע אויף זשאַרגאָן

דער ציוניזם איז די גרעסטע פאָלקסבעוועגונג ביי יודען, זייט דעם דער בעש"ט איז אַרויס מיט זיין נייער חסיד'שער תורה.

דער ציוניזם בויט אויפ'ן רצון און די קרעפטען פון פאָלק, און דערום האָט ער געמוזט רעדען מיט'ן פאָלק די שפּראַכע וואָס עס פערשטעהט. אין די קורצע צייט פון די פינף קאָנגרעסען איז בעשאַפען געוואָרען אַ אַנזעהנליכע זשאַרגאָנישע ליטעראַטור. נאָך די דייטשע לייענט מען די גענויעסטע פּראָטאָקאָלען פון די קאָנגרעסען אין זשאַרגאָן, און איטליכע וויכטיגע נייעס, וואָס קומט פאָר אין ציוניזם, ווערט פער־ברייטעט אויף זשאַרגאָן מעהר ווי אין אַלע אַנדערע שפּראַכען.

גלייכצייטיג מיט'ן ציוניזם האָבען אויך אַנדערע פּאַרטייען גענומען שרייבען אין אַרבייטען פֿאַר'ן פֿאָלק אין זשאַרגאָן. פֿון אַלע זייטען טראָגט מען דעם פֿאָלק עפּיס צו אין זיין שפּראַכע, און די חברה שומרי שבת און אַנדערע פֿרומע חברות שעמען זיך ניט מיט יעדען יאָהר צו פֿערגרעסערען די צאָהל פֿון זייערע יודישע פֿרומע מעשה־ביכליך, מוסר־ספרים און ד. ג. אָבלייקענען דעם זשאַרגאָן, ניט וועלען מודה זיין, אַז ער שפּיעלט אַ געוואַלטיגע ראָליע אין יודישען גייסטיגען לעבען, קען נור אַ בלינדער.

עס לעבען אויך אין טעות די, וואָס בערוהיגען זיך מיט דעם, אַז דער זשאַרגאָן איז נור אַ מיטעל, וואָס מען געברויכט אַ געוויסע צייט, און פֿון וועלכען מען וועט זיך אַמאָל אָבשאָקלען. אַ שפּראַכע איז ניט קיין גאָל, מיט וועלכען מען וואַרפֿט זיך אַרום ווי אַ שוסטער. שוין ניט איין מאָל האָבען מיר געזעהען אין דער געשיכטע, אַז דאָס וואָס איז געווען אַ מיטעל, איז מיט דער צייט געוואָרען דאָס הויפּט־ציעל. אויב מען בעקלערט גוט, האָט קיין זאַך קיין ממשות ניט, און אַלץ איז נור אַ מיטעל צו עפּיס אַנדערש. די שפּראַכע איז אַ מיטעל זיך צוזאַמענצורעדען, די וויסענשאַפֿט איז אַ מיטעל קלערער צו בעגרייפֿען דעם מענשען און די נאַטור. דאָס פֿאַמיליען־לעבען איז אַ מיטעל צו דערהאַלטען דאָס לעבען פֿון אַ פֿאָלק.

סוף כל סוף דאַרף מען זיך אָבער קלאָר מאַכען דעם אונטערשיעד צווישען מיטלען און מיטלען. עס זענען דאָ מיטלען, וואָס ווערען כּלה אין זייער אַרבייט פֿאַר אַ ציעל. דאָס שטיק ברענענדיגע האָלץ, וואָס איז אַ מיטעל צו דערוואַרעמען דאָס צימער, ווערט כלה אַרבייטענדיג פֿאַר'ן ציעל. עס זענען דאָ אָבער אַנדערע מיטלען, וואָס אַרבייטענדיג פֿאַר אַ ציעל, וואַקסען און שטאַרקען זיי זיך נאָך. דער מוסקעל, וואָס אַרבייט, וואָס הויבט ניט איבער די כחות גרויסע מלאכות, ווערט שטאַרקער און קרעפֿטיגער. צי געהערט דער זשאַרגאָן, וואָס ווערט בענוצט ווי אַ מיטעל צו בילדען דאָס פֿאָלק, צו דעם ערשטען מין מיטלען? צי זאָל מען איהם פֿערגלייכען מיט אַ ברענענדיג שייט האָלץ, אָדער מיט דעם מוסקעל, וואָס שטאַרקט זיך נאָך אין זיין קראַפֿט?

אַ שפּראַכע איז אַ לעבעדיגע זאַך, זי וואַקסט צוזאַמען מיט דער נשמה פֿון פֿאָלק, זי ווערט רייכער, ווען די נשמה פֿון מענשען וואָס רעדט אויף איהר, בערייכערט זיך. זי איז אַ געפֿעס, וואָס פֿערליערט ניט קיין טראָפּען. אַלץ, וואָס די פֿריהערדיגע דורות האָבען אין איהר אריינגעלעגט, בלייבט ביי איהר ווי אין אַ קאַלכגרוב. ווי אין אַ ברונעם וואָס לאָזט ניט דורך קיין אנגערעגענט וואַסער; זי איז ווי אַ גומענער זאַק, וואָס ציהט זיך און ציהט זיך, אום אויפֿצונעהמען נייע אוצרות פֿון מענשליכע בילדער און געדאַנקען, נייע הלוקים צווישען פֿאַרבען, קלאַנגען און געפֿיהלען. ווי אַ לעבעדיגע הויט נעמט זי אַרום די נשמה פֿון דעם מענשען, וואָס רעדט און טראַכט אויף איהר. זי איז פֿול אָנגעזאַפּט מיט דעם גייסט פֿון איהר פֿאָלק און לאָזט זיך פֿון איהר ניט שמידען.

אמת, די וואָס זענען געגנער פֿון זשאַרגאָן און בענוצען זיך מיט איהם נור צייטענווייז ווי מיט אַ פּראָבע צו בילדען דאָס פֿאָלק, טענה'ען, אַז דער זשאַרגאָן איז גאָר ניט קיין שפּראַכע, אַז ער איז עפּיס אַ בייז אָנשיקעניש אויף אונז, אַ אָנצעפּע־

ניש, אַ פּגע־רע, מיט וואָס דער גלות האָט אונז בעלאַטעט. מיט אַזעלכע געגנער איז שווער צו פֿיהרען אַ וכּוח. זאָלען זיי בלייבען ביי זייערע טענות. מען קען זיי נור געבען אַ עצה־טובה דורכצובלעטערען די ווערק פֿון אַבראַמאָוויץ, פּרץ, שלום־עליכם און אַנדערע, זיך צו פֿערטיעפֿען אין דעם גייסט פֿון דעם זשאַרגאָן, וואָס קלינגט אויף די גאַסען און די קלויזען, אין די וואַרשטאַטען און אין די קראָמען, ביי אַ התונה, ביי'ן קינד'ס וויעגיל, ביי אַ שמחה און ביי אַ לויה, אין ציטען פֿון נויט און פּיין, אין די מינוטען פֿון כעס, שרעק, הערצקלעמעניש און געוויין — דאַמאָלס וועט מען קענען אפשר פֿיהרען דעם וכּוח צו ענדע, און דוקא אין דעם אופן, ווי מיר האָבען פֿריהער גערעדט. דער זשאַרגאָן איז אַ שפּראַכע, אמת, אַ שפּראַכע פֿון אַ פֿאָלק, וואָס איז פֿערוואָגעלט פֿון זיין לאַנד, אָבער פֿאָרט אַ שפּראַכע. כּל־זמן מיר וועלען זיין אַ פֿאָלק אין גלות, וועלען מיר ניט לויז ווערען פֿון איהר, ווייל זי איז פֿאַר אונז אָנגעמאָסטען ווי אַ נאָגעל צום פֿינגער, ווי אַ שלייער פֿאַר אַ כלה. די וואָס ווילען פֿון זשאַרגאָן אַמאָל פּטור ווערען, זאָלען קודם־כל ווערען הייסע איבערגעבענע ציוניסטען, לעבען און אַרבייטען נור פֿאַר דעם געדאַנקען צו מאַכען פֿון גלות־פֿאָלק אַ פֿרייעס פֿאָלק אויף פֿרייער ערד.

דען די גרעסטע געפֿאַהר איז פֿאַר'ן זשאַרגאָן דער אויסגעפֿיהרטער ציוניזם. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער ציוניזם אַרבייט און אַגיטירט אין זשאַרגאָן, טראָגט ער אין די פֿאַלדען פֿון זיין קלייד אַ חלף פֿאַר אונזער גלות־שפּראַכע. ער האָט איהם פֿיינד פֿון גאַנצען הארצען. ער לייקענט ניט, אַז דער זשאַרגאָן איז אַ שפּראַכע. ער זאָגט אָבער, אַז דאָס איז אַ שפּראַכע פֿון קנעכט. ער פֿיהלט אין דעם גייסט פֿון זשאַרגאָן דעם גייסט פֿון אַ דערשלאָגען פֿאָלק, אַלע פֿעהלערען, אַלע קראַנקהייטען פֿון יודישען פֿאָלק זעהט ער בולט ארויסשיינען פֿון דער זשאַרגאָן־שפּראַכע. דלות, קאַלטע הערצער, אויגען וואָס זעהען ניט קיין פֿאַרבען, אויערען וואָס הערען ניט קיין געזאַנג, אַ מויל וואָס קען זיך נור ווינצלען און אָבלאַכען פֿון זיך און דער גאַנצער וועלט, אַ שאַרפֿען מח, אין וועלכען עס צאַפּעלט זיך אַ פֿערטריקענטע נשמה — בקצור אַלע די זיס־זויער־הנ'עוודיגע מעלות פֿון דעם יודישען פֿעראָרומטען גייסט שפּיעגלען זיך אָב פֿאַר איהם אין דער זשאַרגאָן־שפּראַכע און אַזוי ווי דער ציעל פֿון ציוניזם איז אויס־צוראָטען אין אונז דעם גלות־יודען, וועט די ערשטע כפּרה זיין ביי איהם דער זשאַרגאָן, מיט וועלכען דער יוד איז אַזוי צוזאַמענגעוואַקסען. טאַקי דעריבער ווייל דער ציוניזם ווייס דעם כח פֿון אַ שפּראַכע אויף אַ פֿאָלק, ווייל ער ווייס, אַז דער זשאַרגאָן איז ניט קיין פּראָסט צוזעפּעניש, נאָר אַ יודישע שפּראַכע, וועט ער זיך מיט אַלע כחות סטאַרען איהם צו פֿערניכטען. ער האָפּט, דאָס ביי דעם גרויסען איבערקעהרעניש צום בעסערען, וואָס וועט קומען אויף דעם יודישען פֿאָלק דורך דעם אויסגעפֿיהרטען ציוניסטישען אידעאַל — וועט איהם אויך געלינגען צו בעפֿרייען דאָס אויסגעלייזטע פֿאָלק פֿון זיין קנעכטישער שפּראַכע.

דערווייליע אָבער אַגיטירט דער ציוניזם מיט'ן זשאַרגאָן, ער בענוצט איהם אַלס מיטעל, און ס'איז שווער צו זאָגען, אויב דורך דעם וועט דער זשאַרגאָן אַליין ניט

ווערען איידעלער און פרייער; אזוי ווייט איידעלער, דאס די סמנים פון דער קנעכטי־שער זייט וועלען ווערען אליין בלאסער און ניט מערקליכער אין דאמאלס?...

דער לעזער זעהט, אז מיר זענען ניט געקומען צו זאגען נביאות וועגען דער צוקונפט פון זשארגאן. מיר האבען נור אין קורצע ווערטער בעריהרט די פראגען, וואס פאלען איטליכען איין, בשעת מען רעדט וועגען זשארגאן. אונזער ציעל איז אנגעוויזען, וואס פאר א גרויסע ראליע עס שפיעלט די זשארגאנישע ליטעראטור אין יודישען לעבען, און וועלכע שרייבערס אירע מיר האבען דאס צו פערדאנקען. מיר ווילען ערקלערען דעם דאפעלטען ווערט, וואס זי האט פאר אונז, דאס די זשארגאן־ליטעראטור איז היינט איינע פון די הויפט־מיטלען, מיט וועלכע מיר ערקלערען דעם קלוגען אין פאלק זיין אייגענעס לעבען, זיינע ליידען און פריידען, זיינע מעלות און חסרונות, זיין וועג אין זיין ציעל אויף ווייטער; זי איז איינע פון די ערשטע מיטלען צו בילדען די יודישע אינטעליגענץ, וועלכע האט זיך דערווייטערט פון יודישען פאלקסלעבען און האט עס אויפגעהערט צו פערשטעהען. — און דאס איז גאר ניט אזוי בולט ווי עס דאכט זיך. ניט איטליכער לעזער בעגרייפט דעם טיעפען זין פון די ווערק פון אונזערע גרויסע זשארגאן־שרייבער בענעהמט דעם טרויער און דעם אומעט וואס ליגט פערבארגען אין די ווערק פון א אבראמאוויץ, פרץ, און אפילו ביי'ן פרעה־ליכען שלום עליכם. א סך, כמעט דער גרעסטער טהייל פון פאלק, וואס שעצט זיינע טאלענטען, האבען זיי געלעזען, נאר אויף וועניגער האט דאס געמאכט דעם טיעפען רושם, וואס די ווערק האבען געקענט און געדארפט מאכען.

אין די ווייטערדיגע קאפיטלען וועלען מיר קודם־כל האבען צו טהון מיט הדריי פון די גרעסטע. מיט אבראמאוויץ'ען, וועלכער האט ווי דורך א מיקראסקאפ בעטראכט און געפארשט די פערבארגענסטע לעבענסקרענדליך פון יודישען פאלק. מיט פרץ'ן, וואס האט מיט א בייזע' פלינקער האנד ארויסגעריסען „שטיקער“, „שטיקער“ פון יודישען לעבען און זיי אונז געווארפען אין פנים אריין מיט עקעל, און מיט א ביטער בייז געפיהל. מיט שלום־עליכם'ן וואס האט כמעט די גאנצע צייט געשפעט און געלאכט פון אונז, וואס האט אונז געוויזען דעם נארען און אתה־בחרת'נציק, דעם שוטה און דעם יודישען שפיציג חריפ'שען קעפיל. מיר וועלען אבער אויך ניט פערגעסען דעם גרויסען נוצען, וואס האבען אונז געבראכט אנדערע זשאר־גאנישע טאלענטען, און ווייזען דאס לעבען און די בילדונג וואס האבען אונז ענט־פלעקט די שרייבער ווי דיענעסאהן, ספעקטאר, ד. פינסקי און די שפעטערע, די יונגסטע ברידער פון דער זשארגאנישער פעדער.

אין די ווייטערדיגע קאפיטלען וועלען מיר זעהן, וואס פאר א קוואל פון פאעזיע, געדאנקען, טרויער און צווייפעל עס ליעגען אין די ווערק פון אונזערע זשארגאן שרייבער. מיר וועלען זעהן, ווי טיעף זיי האבען צוגליעדערט אונזער יודישע נשמה, מיט וואס פאר א קלארען בליק זיי האבען אויפגעדעקט אונזערע וואונדען, ווי עס גלאצט ארויס צווישען זייערע ציילען דער לאנגער יודישער פינסטערער גלות.

# קריטיק.

די געשיכטע פון ציוויליזאציאן אין ענגלאנד פון ה. ט. באקל, קורץ פאפוליאריזירט דורך א. ברעסלער. פערלאג „פראגרעס“. ווארשא תרס״ב.

די עקאנאמישע לעהרע נאך א. באגדאנאוו בעארבייטעט דורך א. ש. זאקס. פערלאג „פראגרעס“. ווארשא תרס״ב.

פערלאג „פראגרעס“ איז צוגעטראטען צו זיין ארבייט פאר׳ן פאלק אהן איבעריגען רעש, אהן גרויסע און ברייטע רעקלאמען, ווי עס פיהרט זיך, און די ארבייט נעהט פון דעסטוועגען גאנץ געשמאק; ער לאזט ארויס אויף דער וועלט איין ביכיל נאכ׳ן אנדערען, אזוי אז אין א קורצע צייט איז שוין ארויס פון דרוק דורך דעם פערלאג א גאנץ צעטיל ביכער פון אלערליי מינים: נאטור־וויסענשאפטליכע, געזעלשאפטליכע, קולטור־היסטארישע און אויך בעלעטריסטישע, — אריגינעלע און איבערזעטצונגען.

איז נוטצליך אזא ארבייט? אזא שאלה, דאכט זיך, קען קיינעם גאר נישט קימען אין קאפ צו פרעגען. באמת, וואס קען זיין נוטצליכער פון דעם, ווי אויפצוקלערען דעם פראסטען עולם. ער זאל קענען קוקען מיט אפענע אויגען און פערשטעהן וואס עס טהוט זיך אויף דער וועלט, אין דער נאטור און אין לעבען? מע דארף אבער נישט פערגעסען, אז א גוטער רצון, א גוטע כונה אליין, איז נאך ווינציג אין אזעלכע זאכען, מע מוז נאך דערצו וויסען און פערשטעהן ווי עס אויסצופיהרען.

און אויסצופיהרען אזא זאך איז פיעל שווערער ווי מע קען מיינען. שרייבען פאר׳ן פאלק, פאר׳ן פשוט׳ען עולם, איז גאר נישט אזוי פשוט, אזוי גרינג. ניט יעדער שרייבער ווייסט וואס צו שרייבען פאר׳ן פאלק, און נאך ווינציגער ווייסען ווי אזוי צו שרייבען. אפילו ווען מע בענוצט זיך מיט איבערזעטצונגען, מוז מען אויך פריהער גוט בעטראכטען, וואס צו נעהמען איבערזעטצען און דערנאך ווי אזוי עס איבערצוזעטצען, אז עס זאל זיין קלאר און פערשטענדליך דעם פראסטען לעזער, ער זאל נישט דארפען אומזיסט־אומנישט זיך ברעכען דעם קאפ. ווארום, ערשטענס, איז ער, דער לעזער מיין איך, גאר נישט מחויב זיך דווקא גוט „אנפלאגען“ איידער ער וועט זוכה זיין עפיס צו „געניסען“, און צווייטענס, וועט ער אליין טאקי גאר קיין חשק ניט האבען אזעלכע צופיעל מיה און זיך ברעכען די ציינער אויף „איינציבייסען“ עס, ער וועט עס באלד פון אנהויב אוועקלעגען אין דער זייט און מעהר ניט וועלען קוקען אויף אזא „שווערען ביסען“.

אז מיר וועלען נעהמען פון דעם שטאנד־פונקט בעטראכטען די צוויי אויבען־געצייכענטע ביכליך, מוז מען מודה זיין, אז זיי קענען ביידע נישט גערעכענט ווערען פאר

גערֹאטענע אין א פֹאלקס־אויסגאבע. ניט אזעלכע ביכליך ניט מען פֹאר'ן „פֹאלק" און ניט אזוי שרייבט מען פֹאר'ן פֹאלק.

באקל'ס „געשיכטע פֹון ציוויליזאציאן אין ענגלאנד" איז געווים פֹאר זיך זעהר א וויכטיג ווערק—וואס האט מען דא צו רעדען. דאס בוך אין זיין צייט האט געמאכט גאר א גרויסען רעש, און עס האט נאך ביז איצט נישט אנגעוואהרען זיין ערענסטען ווערטה. אבער דארף מען דען ראיות צו בעווייזען, אז נישט פֹאר אונזער זשארגאן־לעזער זענען גע־שאפֿען אזעלכע ביכער. אפילו „קורץ פאפוליאריזירט נאך נאטאוויטש" קומט עס נאך אויס משונה און נאר אונפֿערשטענדליך פֹאר אונזער פראסטען לעזער. בפרט אז דער איבער־זעטצער „פֿערדייטשערט" נאך צייטענווייז צופֿיעל *). נעהמט, א שטיינער, אזא פשוט'ע פֿראזע: „מען איזט נאך ניט דערגאנגען די ריכטיגע בעדינגונגען וועלכע הערשען מיט דעם הארֹאקטער און שיקזאל פֿון פֿעלקער" — ווי מיינט איהר, אסך וועט דא אונזער לעזער פֿערשטעהן „וואס מיינט דער פסוק"? הייגט ווער שמועסט אביסיל שווערערע פסוקים, ווי למשל: „אלזא ווען די נארמע פֿון מענשליכע גייסטליכע ארבייט ד. ה. די בעגריפֿען מיט וועלכע מיר מעסטען דעם שטאנד, טוישען זיך אלע מאל. פֿערשטעהט זיך אז די בעדינגונגען וועלכע מאכען די נארמע ברויכען אויך זיין אימער אין בעוועגונג. דארפֿען זיך אימער טוישען. ווען מיר בעטראכטען איצט די ביידע פֿאקטארען דערפֿון ד. ה. די ווי־סענשאפֿט און זיטליכקייט און זעהען וועלכעס פֿון זיי איז מעהר ניט שטעהענד, מעהר טוישענד, ערוויסען מיר זיך וועלכעס הערשט מיט די גייסטליכע ענטוויקלונג פֿון פֿעל־קער" (ז. 44). איך וואלט וועלען וויסען, אויף וואס פֿאר א מין לעזער רעכנען די הערויס־געבער, וואס זיי מיינען, אז ער וועט זיין אין שטאנד צו פֿערדייען אזוינע מיני „מאכלים"...

נאך מעהר שווער צו פֿערדייען איז דאס צווייטע ביכיל „די עקאנאמישע לעהרע". עס איז כדאי ארויסשטעלען עטליכע שטיקליך פֿון דארט, כדי מע זאל זיך ארויסגעה־מען א מוסר, ווי אזוי מע דארף נישט שרייבען „פֿאר'ן פֿאלק"...

„די אלע אונמיטעלבארע בעציהונגען פֿון די מענשען צו דער נאטור הייסט די טעכ־נישע זייט פֿון דער פראדוקציאן א. ז. וו. די געזעלשאפֿטליכע זייט פֿון דער פראדוקציאן הייסען די בעציהונגען, וואס דער מענש קומט אריין מיט אנדערע ביי דעם פראצעס פֿון דער פראדוקציאן" (ז. 4).

„אזעלכע צוויי מדרגות פֿונ'ם געזעלשאפֿטליכען לעבען פֿערבינדט די וויסענשאפֿט צוזאמען מיט א געוויסען סדר דורך א אונגעטרענטע קעט פֿון דעגראדאציאן (היפך פֿון ענטוויקלונג)" (ז. 7).

„די געזעלשאפֿטליכע ווערטה ווערט אויסגעמאסטען מיט דער צאהל געזעלשאפֿט־ליכע ארבייטס־ענערגיע, וואס עס דארף ווערען פֿערשווענדעט אין דער געגענווערטיגער

*) דערפֿאר בענוצט זיך דער איבערזעטצער אויך מיט אסך רוסישע ווערטער און פֿארמען, ווי צ. ב. ש. געזאלעוועט, סטראשנער. סטאדעס, בלעסק, פאטשטאווע קאנטארען, פֿרעדמעט, ענערגיטשנע (אנשטאט ענערגיש), גרעציא (אנשט. גריכענלאנד) א. ד. ג. מע דערקענט שוין צופֿיעל, אז ס'איז איבערזעצט פֿון רוסישען. — מע דארף דא אויך בעמערקען, אז באקל'ס גע־שיכטע נאך נאטאוויטש איז נישט אינגאנצען איבערגעזעצט אין דעם ביכיל. דא האבען מיר נור איין טהייל און ס'איז הערויסגעגעבען געווארען גלייך ווי א גאנצע זאך...

נעועלשאפט, לויט דעם הערשענדען שטאנד פון דער טעכניק, און דער פראָדוקציאָן פוינם פראָדוקט" (ז. 30).

„צוליעב דעם אונגעטרענטען בונד צווישען די עקאָנאָמישע, רעכטליכע און פסי־כישע ערשיינונגען קען די עקאנאָמישע וויסענשאפט ניט פערביינעהן די פראגע, וועגען דער ענטוויקלונג פון דעם פערהעלטניסמעסיגען פערבונד, וועלכע איז פאראהאן צווישען די דריי זייטען אין דער היסטאָריע פון א מענשליכען לעבען" (ז. 38).

„דער ניט ענטוויקעלטער פסיכישער אפאראט האט געבראכט דערצו, אז די ניט ריכטינע פאָלגערונגען פון די ערשיינונגען אין דער נאטור האָבען געהאט די אייבערהאנד איבער די ריכטינע" א. ז. וו. (ז. 39).

אויף אזא ארט איז נעשריבען במעט דאָס גאנצע ביכיל, און איך וואָלט געקענט ברייננען נאָך און נאָך אַזעלכע שענע מוסטער־שטיקער, נאר איך רעכען, אז דער לעזער קען שוין פון דעם ביסיל אויך האָבען אַ רעכטען בעגריעף, ווי ווייט אַזא ביכיל מיט אַזא מין לָשון איז אָנגעמאָסטען פאר דעם אמת'ן זשארגאָן־לעזער.

„אין דער נאטור פוינם מענשען ליגט — ניט שטארק זיך צו מאטערן, צו ברעכען דעם מח איבער פערשיעדענע זאכען". דער אמת געפינט זיך טאַקי אין דעם ביכיל „עקאָ־נאָמישע לעהרע" (ז. 74). עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז די שרייבער און די הערויסגעבע־פון פאָלקס־ביכליך זאָלען זיך פערשרייבען און גוט איינ'חזר'ען די דאָזיגע „לעהרע". אפשר וואלט געווען אַ האָפנונג, אַז זיי וואָלטען דעמאָלט געווען מעהר געהיט נישט צו דער־לאָזען דעם אָרימען יודישען לעזער זיך שטאַרק צו מאַטערן און ברעכען דעם מח...

ב ת - ק ו ל.

# די אבשוואכונג פֿון מענשליכען געשלעכט.

אכשוואַכונג פֿון דער וועלט, ירידה, — דאָס זענען די קלינגענדע ווערטער, וואָס געהען איבער פֿון מויל צו מויל אין דער לעצטער צייט און שרעקען אונז מיט טרויריגע אויסזיכטען אויף אונזער צוקונפֿט. די מענשען, — זאָגט מען, — ווערען אַלע מאָל שוואַכער, קלענער, זייער לעבען ווערט קורצער, און דעריבער מוז קומען א צייט, ווען די גאַנצע וועלט וועט בעשטעהען נור פֿון קליינע, שוואַכע קאַרליקעס, וואָס קענען זיך אין דער לעבענס־מלחמה קיין עצה ניט געבען, און די וועלט וועט מוזען אונטערגעהען. והא ראַיה?...

אַ וויסענשאַפֿטליכע בעגרינדונג דערויף סטאַרעט זיך אונז צו געבען אַ אַמעריקאַנישער געלעהרטער. פֿאַר אַ קורצע צייט האָט ער פֿערעפֿענטליכט אַ השערה, אַז די ערד איז אַ מאָל געוועזען בעוואָהנט פֿון ריעזען: ריעזענמענשען, ריעזיגע בהמות, ריעזיגע בוימער און פֿלאַנצען. מיט דער צייט זענען די ריעזיגע מינים פֿערשוואונדען געוואָרען, אויף זייער אָרט זענען אָנגעקומען קלענערע מינים, דערנאָך נאָך קליינערע און אַזוי ווייטער; אַזאַ ירידה און אָבשוואַכונג פֿון דער וועלט וועט נעדוייערן אָהן אַ אויפֿהער, און אַזוי געהט די וועלט ביסליכווייז, נאָר זיכער, אַלץ נעהנטער צו איהר טרויריגען קבר.

קיין נייע אַמעריקאַ האָט דער דאָזיגער געלעהרטער דערמיט געוויס ניט ענטדעקט. זיין השערה האָט שוין אין זיך, ווי מען זאָגט, מתושלח׳ס יאָהרען. אפילו די העלדען פֿון דעם רוימישען דיכטער ווירגיל, וואָס האָט געלעבט מיט 19 הונדערט יאָהר צוריק, האָבען געקוואָלען ביי דעם געדאַנקען, אַז די קומענדיגע דורות וועלען זיין ערשטוינט, ווען זיי וועלען אַמאָל אויסגראָבען די ריעזיגע ביינער פֿון זייערע עלטער־עלטער־זיידעס.

צי איז אָבער אַזאַ מיינונג ריכטיג? ניט שטענדיג איז די עלטעסטע מיינונג אויך די ריכטיגסטע. מיר ווילען אונזערע לעזער בעקאַנט מאַכען מיט די מיינונגען פֿון פֿערשיעדענע געלעהרטע, וואָס האָבען זיך מיט דער דאָזיגער פֿראַגע בעשעפֿטיגט.

די נייעסטע ערפֿאָרשונגען בעווייזען גאַנץ בעשטימט, דאָס די פֿאַרצייטיגע, פֿאַר־היסטאָרישע פֿעלקער און די עלטעסטע קולטורמענשען זענען ניט געוועזען גרעסער פֿאַר אונז. די מומיעס, ד. ה. די באַלזאַמירטע טויטע, אין מצרים וועלכע שטאַמען פֿון אַ יאָהר 5 טויזענד צוריק, האָבען די פֿאָרשער איבערצייגט, אַז די אַלטע מצריים זענען ניט געוועזען קיין בעזונדערס שטאַרק געבויטעס פֿאָלק, נאָך מעהר, פֿאַן פּעט־

טענקאפּפער האָט אפילו בעוויזען, אז די מענשען צו די צייטען פון דעם גריכישען דיכטער האָמער (מיט אַ יאָהר 2000 צוריק) זענען נאָך געוועזען פיעל קלענער און שוואַכער ווי מיר. היפּפּע (Hüppe) בעווייזט אויך, אז די ענטוויקעלונג פון קערפּער ביי די מענשען פון אַמאָליגע דורות איז ניט געוועזען העכער, ווי צו אונזערע צייטען.

אויס די ווערק פון די אלטע שריפטשטעלער ווייסען מיר, אז די אלטע ראָמער האָבען געהאַלטען 1,725 מעטער אין דער הויך (2 אַרשין און 7 ווערשאָק). אזאַ מאָס קאָנען מיר בשום אופן ניט האלטען פאַר בעזונדערס גרויס, דען אין איטאַליען זענען נאָך עד היום 10% פון דער בעפעלקערונג ניט קלענער. די געלעהרטע קאָנען, קרוזע און לונדעמאַן האָבען בעוויזען דאָס אין פערלויף פון 1000 יאָהר האָט זיך דער וואוקס ביי די דייטשען בעדייטענד ניט געענדערט. דאָסזעלבע בעווייזען טאָפּינאַר און אַנדערע פראַנצויזישע געלעהרטע בנוגע צו די פראַנצויזען.

אֱמת טאַקי — אז מען געהט אַמאָל אַריין אין אַ וואָפען־קאַמער און מען גיט אַ קוק אויף די אייזערנע געוועהר, פאַנצערס און קליידער פון אמאליגע העלדען, קען מען מיינען ביים ערשטען בליק, דאָס די וואָס האבען געטראָגען אזעלכע געוועהר און אזעלכע קליידער, זענען געוועזען ריזען, צוויי מאל אַזוי גרויס און שטאַרק ווי מיר.

אין ווירקליכקייט אבער, ווי עס האט ריכטיג בעמערקט ד״ר וויט, פאסען איצט ניט די דאָזיגע קליידער אפילו פאַר א מיטעלמעסיגען מענשען אין דייטשלאנד. אויך דאס איז דאך אלעמען אַ בעוואוסטער פאַקט, דאס ווען די קעניגין וויקטאריא פון ענגלאַנד האט געמאכט איהר האָכציטסרייזע, אין די שאָטישע אַריסטאָקראטיע האט איהר געוואלט מקבל פנים זיין אין זייערע נאציאנאלע ריטער־קליידער, האט זיך אויסגעוויזען, דאס די אמאליגע מלבושים פון זייערע פאַרצייטיגע ריטערס, זענען געוועזען פאַר אלעמען צו ענג, און זיי האבען זיך געמוזט פערשאַפען נייע.

דעם בעסטען בעווייז, אַז דאָס מענשען־מאָס איזט ניט קלענער געוואָרען גיט די סטאַטיסטיק פון די רעקרוטען. האָטש זי בעציהט זיך נור אויף אַ קורצע צייט, אָבער וועניגסטענס קאָן זי דיענען פאַר אַ ראיה בנוגע צו דעם לעצטען יאהרהונדערט. ציפערן און פאקטען בעווייזען, דאָס ניט נור די גרויס פון קערפער נאָר אפילו די קראַפט פון קערפער איז אויך ניט קלענער געוואָרען, דאָס הייסט די צאַהל פון די וואָס מען פערבראקירט פאַר סאָלדאטען צוליעב שוואַכקייט האָט זיך ניט פערגרעסערט. די געלעהרטען לויא ברענטאנא, בינדעוואלד, בלומע און אנדערע האָבען געפונען אויף גרונד פון דער סטאַטיסטיק, דאָס די בעפעלקערונג פון די דערפער איז שטאַרקער פאַר די בעפעלקערונג פון די שטאדט, האָטש אַ סך געזונדע דארפסלייט פערלאָזען זייער היים און ציהען איבער אין די גרעסערע שטאדט, וואו עס געפינען זיך פאַבריקען.

יעדענפאַלס קען מען אָבער ניט אָבלייקענען דעם טרויריגען אמת, אַז דורכשניטליך לעבט דער מענש איצט וועניגער ווי אַמאָל, נאָר דאָס קומט דערפון, וואָס אויף דעם דורכשניטליכען חשבון ווירקט די שטערבליכקייט פון קינדער און זייגלינגע, וועלכע האָט זיך שטאַרק פערגרעסערט. זעלבסטפערשטענדליך ליגט די סבה פון דעם

דאָזיגען טרויריגען פֿאַקט אין דעם, וואָס דאָס לעבען איז אין די לעצטע צייטען אַ סך שווערער געוואָרען. נאָך דער מיינונג פֿון באָלינגער שטאַמט די אונגעהויערע קינדער־שטערבליכקייט דערפֿון, דאָס איין גרויסער טהייל פֿון פֿרויען ליידט יעצט אויף מילכ־לאָזיגקייט. אַזוי, צום ביישפּיעל, ליידען אין דייטשלאַנד אויף די דאָזיגע קראַנקהייט 23 פּראָצענט פֿון אַלע פֿרויען, פֿון יאָהר צו יאָהר פֿערברייטעט זיך די דאָזיגע קראַנקהייט אַלץ מעהר, די זויגענדיגע קינדער ווערען קינסטליך ערנעהרט. אין דער רעזולטאַט דערפֿון איז דער, דאָס אין דייטשלאַנד. צום ביישפּיעל, שטאַרבען פֿון הונדערט געבאָרענע קינדער 25 אין דעם ערשטען לעבענס־יאָהר. אין אַמאָליגע צייטען האָט מען פֿון אַזעלכע קראַנקהייטען גאָר ניט געוואוסט. די אַלטע שריפֿטשטעלער דערמאָנען ניט קיינמאָל פֿון קינסטליכער ערנאַהרונג, אַזוי דאָס מען קען זיכער בעהויפּטען, דאָס די פּערזער, עגיפּטער, סקיטהען, גריכען און רעמער האָבען פֿון דעם אַזוי וועניג געוואוסט, ווי אויך צו אונזערער צייט די אַראַבער, טערקען און ארמעניער.

די שטערבליכקייט פֿון קינדער איז זעלבסטפֿערשטענדליך ניט די איינציגע סבה, צוליעב וועלכער די דורכשניטליכע לעבענסדויער איז די לעצטע צייט קלענער געוואָרען. אַלס איינע פֿון די הויפּט־סבות רעכענט דער פּראָפֿעסאָר באַללאָרד די פֿערשיעדענע „בערופֿסקראַנקהייטען" וואָס פֿערמעהרען זיך שטאַרק. נאָר דאָס אַלץ זענען נור אויסנאַהמען, און די סטאַטיסטיק בעווייזט, דאָס אויף דעם אַלגעמיינעם רעזולטאַט האָבען אַלע די סבות קיין איינפֿלוס ניט. אין גאַנצען האָט זיך די לעבענסדויער נור זעהר וועניג געענדערט, און בכלל דערלעבען די היינטיגע מענשען כמעט אַזאַ עלטער ווי די אַמאָליגע דורות. אמת טאַקי, דאָס ווי מייערהאָף בעווייזט, האָט זיך די צאָהל פֿון געבורטען אין די גרויסע שטעדט פֿערקלענערט. אַזוי, צום ביישפּיעל, פֿאַר בערלין געפֿינען מיר פֿאָלגענדע ציפֿערן:

אים יאהר 1886 זענען אויסגעקומען אויף יעדע 1000 פֿרויען 230 געבורטען
„ „ 1891 „ „ „ „ „ 220 „
„ „ 1896 „ „ „ „ „ 188 „

דורכשניטליך פֿיר דאס יאהר 1896 איז געוועזען די צאַהל פֿון די געבורטען
אין די גרויסע שטעדט 264 (אויף יעדע 1000 פֿרויען)
„ „ מיטעלע „ 292 „
„ „ קליינע „ 291 „
„ „ דערפֿער „ 332 „

אויס די דאָזיגע עטליכע ציפֿערן קען מען שוין זעהען, דאס אין סך־הכל האָט זיך די געבורטען־צאַהל נאָר ניט פֿערענדערט. די סטאַטיסטיקער, וואָס ווינען שטענדיג אונד קלאָגען אויפ׳ן וועלט־חורבן, מאַכען דעם פֿעהלער, דאס זיי נעהמען נור אַ קליינע צאָהל פֿון שטעדט און פֿון די ציפֿערן ציהען זיי זייערע בעשליסע. די בעסערע געלעהרטע אָבער בעוויזען אויף קלאָר, דאס האָטש די נויט און דאס שווערע לעבען ברייגען צו טרויריגע רעזולטאַטען, איז אָבער פֿון דעסטוועגען קיין שום גרונד ניטאָ צו בעהויפּטען וועגען אַ ירידה און אָבשוואַכונג פֿון מענשליכען געשלעכט. — דער טיזועל איז ניט אַזוי שרעקליך ווי מען בעשרייבט איהם.

יעדענפאַלס, ווען מיר בעמערקען אַפילו אין אונזער איצטיגען צושטאַנד א געוויסע ירידה, אַ אונטערגאַנג, גיט דאס אונז דאָך ניט דאס רעכט צו רעכנען, דאס די אָבשוואַכונג פון מענשליכען דור איז אַ נאַטור־נאָטהווענדיגקייט. וועלכע מיר קאַנען ניט אויסמיידען, די נאַטורוויסענשאַפטען, וואָס מאַכען אַלע טאָג כמעט נייע ענטדע־קונגען, די טעכנישע קונסט, וואָס פערברייטען זיך און ערווייטערן זיך מיט אַ וואונדער־באַרע שנעלקייט. די אַלע גיבען און וועלען אונז געבען אַלעמאַל נייע נוצליכע געוועהר צו דער לעבענס־מלחמה. שוין פיעלע שוועריקייטען האָט די וויסענשאַפט פון אונזער וועג אַרונטערגענומען, און די געלעהרטע פון דער גאַנצער וועלט אַרבייטען ווייטער איבער די פראַגען וואָס זייער פתרון קאַן ברייגען אַ סך ערלייכטערונג אין אונזער לעבען.

איבער די בעמיהונגען פון דער וויסענשאַפט צו פערגרינגערן דאס מענשליכע לעבען וועלען מיר נאָך האָבען געלעגענהייט אונז צו אונטערהאַלטען מיט אונזערע לעזער.

מ. ג. סירקין.

# מולטאטולי.

## טהיגאטעער.

I.

נעמאָלקען האָט זי איהר פּאָטערס קיה.

דעריבער האָט מען זי אייגענטליך גערופען „טהיגאטעער“, וואָס איז טייטש: אויף גריכיש — די קוה־מויד, אויף סאנסקריטיש — די טאָכטער. און זי איז געוועזען „טהיגאטעער“ אויף ביידע לשונות.

ביז אַ געוויסע צייט האָבען אפילו איהרע ברידער אויך געמאָלקען; דער פּאָטער אָבער האָט נור געטרונקען פון איהר מילך. זי איז שטענדיג די פעטסטע און נער־שמאַקסטע געוועזען, מען האָט געטווישט די קיה; עס האָט ניט אויסגעמאַכט, וועלכע טהיגאטעער האָט געמאָלקען, זי האָט די בעסטע מילך געגעבען. און עס איז נישט געוועזען אויס ליעבשאַפט פון דער קיה — די קיה האָבען זיך הורך אַלע גאַנץ גלייכ־גילטיג געמאָלקען.

קיין כשוף איז אויך דערביי נישט געוועזען.

דעם סוד דערפון קען איך אייך אפילו אויסזאָגען, נאר נישט איהר זאָלט אייך אויסלערנען, אַזוי מעלקען ווי טהיגאטעער; פערקעהרט — איהר זאָלט וויסען ווי אַזוי נישט צו מעלקען! ווייל טהיגאטעערס ברידער, וואָס האָבען ערגער געמאָלקען, איז עס בעסער אויסגעגאַנגען.

און די זאַך איז אַ פשוטע: די קיה וואַרטען אונגעדולדיג אויפ'ן מעלקען, זיי ווילען פטור ווערען פון דער לאַסט אין די אייטער, ווייל זיי ווייסען נאַנ'ן נוט, אַז זייערע קעלבער, אויב זיי זענען אפילו נישט אויפ'ן קעלבערנעם עולם־אמת, וועלען דערפון קיין טראָפּען מילך בעקומען!

און נאָך איידער מען קומט נאָך זיי, שטעהען זיי אויף דער פּאַשע און קוקען אויס, מען זאל זיי אַהיימפיהרען; זיי בלעקען, בעטענדיג זיך רחמים: פיהרט אונז אַהיים און מעלקט אונז אויס!

און בשעת די קיה שטעהען און וואַרטען, שטעלט זיך אב די מילך אין די איטער, די וואַסעריגע און שווערערע פֿאַלט אַראָב, די פֿעטע און לייכטערע הויבט זיך און שווימט אַרויף אין די איטער ווי ביימעל אויפ׳ן וואַסער.

דעריבער, ווער עס וויל האָבען גוטע מילך, מוז נעדולדיג זיין און אויסמעלקען ביז צום לעצטען טראָפּען.

און אַזוי האָט טאַקי געטהון טהיגאַטעער, איהרע ברידער אָבער האָבען געדער כענט, אַז זיי זענען צו עפּיס בעסערס בעשאַפען, אַז זיי האָבען רעכט עפּיס מעהר צו פֿערלאַנגען ווי קיה מעלקען... זיי האָבען אונגעדולדיג געמאָלקען, צופּ־יה אויפּגע־הערט און אַהיימגעברענגט וואַסעריגע מילך.

טהיגאַטעער האָט וועגען רעכט ניט געטראַכט!

איינמאָל האָבען זיך די ברידער געשטעלט פֿאַר׳ן פֿאַטער און פֿערלאַנגט, ער זאָל זיי בעפֿרייען.

— וואָס איז?

— מיר ווילען געהן...

— וואו אַהין און וואָס וועט איהר טהון?

דער עלסטער זאָגט:

— פֿאַטער, דו האָסט מיך אויסגעלערנט שיסען פֿון פֿיילענבויגען; מיך ציהט דער וואַלד! איך וויל לעבען פֿון דער יאַגד אויף ווילד־פֿרעט, אויף מיין אייגענעם חשבון...

— מיך — האָט דער צווייטער געזאָגט — האָסט דו אויסגעלערנט פֿיש האַפּען, א נאַר וואָלט איך געווען, איך זאָל בלייבען ביי די קיה, געשמאַק זענען די פֿיש, אין האַקען, און ווערימליך צו די האַקען, פֿעהלט נישט.

— דו — זאָגט דער דריטער — האָסט מיר געוויזען, ווי מען האַקט אויס בוימער, ווי מען האַלט זיי אויס און מען לאָזט זיך איבער׳ן וואַסער. איך וויל מיר אַ שיפֿעל בויען און אַוועק אויפ׳ן צווייטען זייט טייך; די וועלט וויל איך זעהען, נישט אין קיה־שטאַל די יאָהרען פֿערברענגען.

— איך האָב מיך פֿערליעבט — דערצעהלט דער פֿערטער — איך וויל מיר אַ בעזונדער הויז בויען און מיט מיין געליעבטער וואָהנען בעזונדער, איך וועל מיר האָבען מיינע קיה און מיין טהיגאַטעער, וואָס וועט זיי מעלקען.

— און ווער וועט מיינע קיה מעלקען? — פֿרעגט דער פֿאַטער.

— טהיגאַטעער! — ענטפֿערן אַלע פֿיער.

דער פֿאַטער פֿערטראַכט זיך, און, אַ ווײַלע שפּעטער פֿרעגט ער:

— און ווי וועט זיין, אַז טהיגאַטעער, וועט מיך אויך פֿערלאָזען?

— די וועט עס נישט טהון — ענטפֿערן די זיהן — דו האָסט איהר נישט געוויזען, ווי מען שפּאַנט אַ בויגען, ווי מען האַפּט פֿיש, ווי מען האַקט ביימער — — זי בענקט נישט!

— און טאָמיר פֿערליעבט זי זיך ?

אַצינד האָבען זיך די זיהן פֿערטראַכט און נאָך אַ וויילע ענטפֿערן זיי :

— זאָג איהר, אַז מען טאָר נישט, אַז עס פּאַסט נישט, אַז דו אַליין זאָרגסט פֿאַר איהר. —

— יאָ — ענטפֿערט דער אַלטער — טהינאַטעער פֿאַלגט...

און ט־ינאַטעער איז געבליבען אַ קיה־מעלקערין...

נאָך דער דייטשער איבערזעטצונג בעאַרבייט פֿון

י. ל. פּרץ.

# ראשחודש.

אָנהויבען מוז מען פֿון וועמען? פֿון אונזערע בַּעֲלֵי־בָּתִּים, פֿון די אומות העולם...

אַלץ ווענדט זיך אָן זיי!

מיר זענען צו שוואַך אויסצופֿיהלען, גענוג זייער ווילען, דאָס קלענסטע פּראָגראַם!

מיר זענען די שוואַכסטע, און כּדי אַזוינע זאָל בּעסער געהען, מוזען פֿריהער די שטאַרקערע בּעסער ווערען!

מען מוז וואַרטען און האָפֿען צו דער צייט, ווען הייליג וועט זיין דער מענשליכער ווילען, נישט די פֿויסט, וואָס פֿיהרט זי אויס מיט געוואַלד; ווען הייליג וועט זיין דאָס מענשליכע לעבען, נישט דער אייזערנער גאָפּעל, וואָס חאַפּט אַלץ אַרויס פֿון טאָפּ...

וואָס זאָלען מיר טהון? דערווייל מוזען מיר, ווי נח בּדורותיו, אַלע ווײַלע עפֿע־נען דעם צוהר פֿון תּיבה און אַרויסקוקען און זעהען, צי האָט זיך אַרום אונז דאָס וואַסער נישט געשטילט...

דער ציוניזם, וואָס וויל דערהאַלטען און הויך ענטוויקלען אַ בּעזונדער יודיש פֿאָלק אויף זיין בּעזונדער לאַנד, מוז באַלד צוגעבען: מיט'ן סולטאַנס גוטען ווילען און מיט דער גאַראַנטיע פֿון אַנדערע רעגירונגען...

דער נאַציאָנאַליסט, וואָס פֿערלאַנגט, אַז יעדער פֿויגעל זאָל מענען נעסטען, אייער לעגען און זיינע אייגענע ליעדער זינגען אויף יעדען בּוים אין יעדען וואַלד; דער וואָס זאָגט זיך אָב (און וויל עס אויך פֿאַר אַנדערע!) פֿון פּאָליטיש־קריגערישען לעבען, און פֿערלאַנגט, מען זאָל איהם לאָזען ווייטער שפּינען זיין היסטאָרישען פֿאָדעם מיט אייגענע הענד, לויט אייגענעם געשמאַק... וואָס וויל געהען, אָבוואָהל צום אַלגעמיינעם צוועק, נור פֿריי אויף זיין אייגענעם וועג, נישט „עטאַפּנים פּאַריאַדקאַם" אויף פֿרעמדע — מוז אַוודאי בּעטען, משיח זאָל קומען פֿריהער צו זיי...

גאָר אַפֿילו דער ,,ענו, דער געלבּזיכטיגער זוהן פֿון פֿאַקטאָר מיט דער שענקערין, דער אַסימילאַטאָר, וואָס פֿערשענקט אַזוי פֿיעל און פֿערלאַנגט אַזוי ווייניג, וואָס איז גרייט זיך איינגעהענדיג אָבצושיילען די הויט, אין איין אַנדערער אַריינצושפּרינגען, וואָס וויל יוצא זיין מיט יום־כּפּור אין דער דייטשער שוהל מיט קבר־אָבות, מוז אויך זאָגען דעם יהי־רצון: לאָזט מיך!

— לאָזט מיך זיין וואָס איך בּין בַּחַדְרֵי חֲדָרִים, אונטער ריגעל און שלאָס; אין גאַס און עפֿענטליכע הייזער וועל איך טראָגען וואָס פֿאַר אַ מאַסקע איהר ווילט!

— זייט ליבעראַל! איהר זעהט, איך שטאַרב גליטד-וויז אַב, זייט נישט קיין אומ־געהולדיגע ירשים און טייט מיך נישט מיט געוואַלד! —

און מיט אַ זיס-חנופה׳לע לעגט ער צו:

— און אפשר וועל איך מיט דער צייט אַליין קומען! אַ ניט איך — מיין זוהן, מיין אייניקיל,— די טעכטער מיינע האָב איך שוין לאַנג, ווי לוט אין זיין צייט, אייך אַרויסגעשטופּט פון מהיר...

— און אין וואָס נעהט עס? אין היינטיגען טאָג! די גאָלדענע פערגאַנגענהייט האָב איך אייך שוין לאַנג פאַר די פּ״ס נעוואָרפען און איהר האָט זי מיט די פּיס צוטרעטען, און איך שעם מיך אצונד מיט איהר. איך לעז אייערע „זכרונ׳ת״ און פאַסט אייערע תענ׳תים, און פּרעה מיך אין אייערע ימים-טובים. פון דער צוקונפט האָב איך נישט וואָס צו קלע־רען,— מיין שמאָל און פלאַך טייכיל מוז אין אייער ברייטען טיעפען ים אַריין און דאָרט פערשווינדען ווערען! אויפ׳ן מאָרגענדינען פעלד זייע איך ניט און אַקער נישט, עס זאָל קענען עפּיס פאַר מיר וואַקסען!

זייט ליבעראַל, שענקט מיר דעם היינטיגען טאָג!

יא, אפילו „אויסטווישען דאָס רעגריל״ קען מען נישט אָהן זייער ווילען.

בל־זמן איינצעלנע טהוען עס, זאָגט מען נור „נוֹרָא עַד עֲשָׂרָה דָּרָא! זאָל אבער קומען אַ מנין אסימילאַטאָרען! מען וועט פאַר זיי דעם קלויסטער פערמאַכען...

לאָמיר עפּענען דאָס פענסטער אין דער פינסטערער נאַכט און זוכען, וואָס עס איז פאַר אַ שימער אין שטאַהלערנעם הימעל.

אין דער לעצטער רגע האָט דער ענגלענדער אוועקגעהאַפּט דאָס מעסער פון בויערס האַלז... זאָל זיין, מען האָט געוואָלט פערהאַפען „די קאָראָנאַציע פאַר דער אָפּע־ראַציע״, דאָך וואָלט עס פאַר 50 יאָהר אונמעגליך געוועזען; דערצו מוז מען דאָך האָ־בען דאָס געפיהלט, אז דאָס רעכט ליגט דאָך נישט אויף דער שפּיץ שווערט!

דער אַמעריקאַנישער לייב האָט אויסגעריסען פון די הישפּאַניש-וועלפּישע ציינער אַ שעפּעלע — די אינזעל קובאַ, און האָט עס אַליין אויך נישט איינגעשלונגען, נור בעפרייט: גער, לעב דיר דיין איינגען לעבען.

אין פראַנצויזישען פאַרלאַמענט האָט מען אָפען גערעדט וועגען שלום מיט דער גאַנצער וועלט אפילו מיט דייטשען. נקמה צווישען פעלקער האָט אויפגעהערט צו זיין אַ הייליג פּאַטריאָטיש געפיהל, און דער פאַרלאַמענט האָט קריעה נישט געריסען! בורושוא האָט אויסגערופען פראַנקרייך, די אייבינע אָקושערקע, וואָס העלפט שטענדיג דער מענשהייט, ווען זי ליגט אין קימפעט מיט אַ נייער אידעע, זי זאָל זיין די ערשטע (נאַטירליך אויף רוסלאַנד געשטיצט) און פאָרלענגען, אַז די פעלקער זאָלען זיך ענטוואָפּענען און צו־לאָזען די אַרמעען!

בא! איין אָפיציער פון דער פּו אַנצוויזישער אַרמעע האָט אַ העברען פון זיך גע־פּאַטשט! דאָכט זיך „אַחַת דָּתוֹ לְהָמִית״

און דאָס קרינסגעריכט האָט איהם נישט געהייסען הענגען, נישט קעפּען און איז יוצא געוועזען מיט אַ פּסק פון דריי יאָהר פעסטונג אין אויסשטרייכען פון דער אַרמעע.

עס האָט זיך אויסגעוויזען, אז מען האט דעם אָפיציער דענערוויערט, אין דער לע־בער אָריינגעקראָכען, און דאָס קרינס־געריכט האָט געזאָגט, אז א סאָלדאָט איז אויך אָ מענש און אז די מיליטערישע דיסציפלין האָט אויך איהרע גרעניצען...

נישט קיין נייע, נאָר פינף נייע ווערטער?

אַלץ ווי אָבהענגיג פון זיי; זיי מוזען פריהער בעסער ווערען, אונז זאָל בעסער גע־העָן, נאר צו דעם איז נאָך ווייט, זעהר ווייט...

אָפילו די רציחות אין רומעניען האָבען זיי נישט גערירט!

אין די עסטרייך־אונגאַרישע דעלעגאַציאָנען האָט דער אויסלענדישער מיניסטער גאָלוכאָווסקי געזאָגט, אז עסטרייך־אונגאַרן קען פאר יודען אין רומעניען נאָר נישט טהון; יעדערער איז בעל־בית ביי זיך אין דער היים. און קיינער האָט נישט געפרעגט, פאר וואָס האָט זיך עסטרייך־אונגאַרן אָנגענומען פאר די ארמענער און אָבגעריסען באָסניען און הערצאָגווינען פון דער טערקיי, אבי איינצופיהרען עסטרייכישען יושר. און די טערקיי האָט קיינעם קיין פרייהייט נישט צוגעזאָגט, קיין טראקטאט נישט אונטערגעשריבען, און האָט עסטרייך גאָר נישט צו פערדאנקען...

מען האָט נישט געפרעגט, ווייל יעדערער האָט געוואוסט, אז עס איז אין רומעניען קיין יודישע פראָווינץ צוצונעהמען נישט פאַרהאַן!

אין עסטרייכישען פארלאמענט האָט מען נישט בעקומען קיין צוואנציג אונטער־שריפטען, מען זאָל קענען פאָרשטעלען די יודיש־רומענישע פראגע.

אין אונגאַרישען פארלאמענט האט אַ פויערישער אבגעאָרדנעטער יא געפרעגט וועגען רומעניען, און דער מיניסטער פרעזידענט שעלי האָט געענטפערט: זייט רוהיג, די גרעניצען פאַר יודיש־רומענישע עמיגראַציע וועגען פערמאַכט! אונזערע אונגאַרישע יידען אַליין פערשטעהען, אז עס מוז אזוי זיין, זיי האָבען עס אַליין כמעט פערלאַנגט!

אין ענגלישען פארלאמענט האט באלפור אויך בערוהיגט דעם עולם מיט דער פערזיכערונג, אַז ביז היינט האָט זיך די עמיגראַציע פון רומענישע יודען נישט געשטארקט.

און, אַז סיי־ווי־סיי, זיצט אַ קאָמיסיע און קלערט, ווי אַזוי אזוינע זאכען צו בעוואָרענען...

און אָפילו די פעראייניגטע שטאטען האבען געענטפערט אויף אַ פראגע פון דער יודישער זייט, אַז זיי קענען נישט פראָטעסטירען...

די אַמעריקאנישע לאַנגע הענד, וואָס דערגרייכען ביז שפאַניען וועגען קובא, זענען צו קורץ צו דערלאַנגען ביז רומעניען וועגען אָרימע יודען...

און דערוויייל לאָזען זיך 2000 רומענישע יודען קיין וויען צו פוס...

און דאָס איז דער „הֶחָלוּץ לִפְנֵי הַמַּחֲנֶה" — די ערשטע וואָס געהען; עס וועט זיך ערשט אָנהויבען, ווי די הייסעריקען וועלען זיי געהען, ווי די הייסערעקען וועט זיי טראָגען דער ווינד. און ווי די הייסעריקען וועט מען זיי טרייבען פון גרעניץ צו גרעניץ...

דאָס אַלץ ווענדט זיך אָן זיי!

---

עס איז אַזוי קלאָר ווי דער טאָג, און דאך נישט אַלע ווייסען עס!

אין ווייימאר איז געווען איין אַסיפה פון דייטשע סטודענטען.

צווישען אַנדערע האָט מען פון אונז אויך גערעדט.

אין זאל האט ארומגעשוועבט דער אַנטיסעמיטישער גייסט, רעדנער האָבען אונז געוואשען מיט בלאָטע, אויסגעוויזען, אַז סעמיטיזם איז אייבּיגער נעגענזאץ פון גערמאַניזם, און ווי וויים נידריגער דער סעמיטיזם איז —. און דעמאלט האָט זיך אויפגעהויבען אַ יודישער סטודענט, אין קאַטאָוויק געבוירען, דאמבראָווסקי מיט'ן נאָמען, און האט אין זיין אייגענעם נאָמען, ווי אויך אין נאָמען פון אלע זיינע יודישע חברים פּראָטעסטירט.

— נישט דער סעמיטיזם — האָט ער געזאָגט — איז שולדיג, נאָר די יודישקייט! נור די יודישקייט שטעהט נעגען דער דייטשער־נאַציאָנאַלער אידעע! נאָר מיר — האָט ער הויך גערופען — זאָגען זיך פון דער יודישקייט אָב, מיר ווילען אויסטווישען די מאַ־קאַבעער אויף האָהענצאָלערן, ישעיה און ירמיה אויף שילער און געטהע — צי ווילט איהר דען נישט, מיר זאָלען זיך אַסימילירען?

און אַז מען האָט פון אלע זייטען געענפערט: „ניין, ניין!" האָט דאָמבראָווסקי דאָך נישט אָבגעטרעטען און געזאָגט, אַז עס העלפט נישט, ער און זיינע חברים מוזען זיך אסימילירען...

די דייטשע סטודענטען האָבען געפּיפען און געלאַכט, די יודישע—געשוויגען..

ווי אזוי קען מען זיך בעוואָרענען פאַר אַזוינע רעדנער און אַזוינע שווייגער?

וואָס קען אונז פערזיכערן, אַז אונזערע אייגענע קינדער וועלען נישט אַזוי רעדען אָדער אַזוי שווייגען, און נישט פערמעהרען מיט זיך די ריטער פון שמוציגען בזעם, מיט וועלכען מען פאַטשט אונז איבערן פנים, און מען טרייבט ארום ווי פוילע בלעטער פון אָרט צו אָרט?

———

אין דער פרעמד, אין דער אַבהענגיגקייט קען אונז העלפען נור די נאַ־ציאָנאַלע שוהלע...

דאָס איז אויך, דאַכט זיך, אַזוי העל ווי דער טאָג, און דאָך פערשטעהט עס נישט די פּיליע פון מרבי השכלה אין אָדעס, וויל באַין־אופן נישט פערגרעסערען די צייט פאַר יודישע זאַכען אין די חברה'שע שוהלען...

— פון דער הויך — האָט אַ געוויסער סאקער געזאָגט — קוק איך אַראָב אויפ'ן נאַציאָנאַליזם, ווי משה פון באַרג סיני אויפ'ן עגל...

— די אַמעריקאַנער — האָט מרגליות גערופען — האָבען אויך קיין נאַציאָנאַלע שוהלע נישט...

ווי קרום מוז זיין אַ מענש, וואָס גיט אזא פערגלייך, און ווי נידריג דער, וואָס שטעלט זיך אליין אויפ'ן באַרג סיני...

נאָר אַלץ ווענדט זיך אָן זיי, דאָס בייזע ווי דאָס גוטע...

דער קוראַטאָר (פאפעטשיטעל) פון אָדעסער ראַיאָן האָט פאָרגעשטעלט דעם בילדונגס מיניסטעריום אַ פּראָיעקט, מען זאָל די יודישע שוהלען איבערמאַכען פון צוויי אויף דריי קלאַסיגע, עס זאָל זיין מעהר צייט פאַר יודישע זאַכען...

עטליכע היימישע פּונקטען:

אין ירושלים איז געענדיגט און געעפענט געוואָרען דאָס הויז פון אונזער נאַציאָנאַל ביבליאָטעק, וואָס מיר האָבען דעם ד"ר האזאַנאָוויטש צו פערדאַנקען.

אין פאריז האט מען געעפענט א יודישע פאלקס־אוניווערזיטעט, פארצוטראגען יודי־שע געשיכטע, העברעאיש, פראנצויזיש א. ד. ג.

די יודיש ווארשויער געמיינדע האט געעפענט א ניי שפיטאל און פון פריוואט נדבות א שוהלע אין טשענסטעניעוו פאר ערד ארבייט און דארפס־ווירטשאפט, אויסער אלגעמיינער בילדונג רעליגיאן און העברעאיש ניש ט פערפעהלט.

אין אונזער היימיש פאליטישען לעבען האט זיך געמאכט נאך א בלעטעל — א חברה „חירות" מיט'ן צוועק מלחמה צו האלטען מיט דער אסימילאציע אויסערן ציוניזם און אין ציוניזם, מלחמה צו האלטען מיט פאלשע בעלי־טובות, מיט'ן אליאנץ, יק"א, וכדומה...

געבענשט זאלען שטענדיג ווערען די הענד, וואס הייבען זיך אויף אבצורייסען ד, מאסקען פון פאלשע פנים'ער, וואס נעהמען ווידלעם אויסצורייניגען אונזער שטאל, בע־זעמס ארויסצוטרייבען פון בית־המקדש די אידעען־הענדלער...

נאר פאר יק'א האב איך א גוטווארט.

פאר נאציאנאליסטען איז עס די איינציגע צווישען לענדישע יודישע אינסטיטוציע דאס לעבענדיגע צייכען פון אונזער אחדות; דער ציוניסט דארף נישט בייז זיין, אויב יק"א בעשעפטיגט זיך נור מיט זיין „געגענווארטס פראגראם", קיין שאדען ברענגט יק"א נישט...

י"ל צופעלינ.

# פאַר און געגען די פרוי.

נעזאַמעלטע אַפאָריזמען אויס דער וועלט־ליטעראַטור

צוזאַמענגעשטעלט אויף יודיש

פון ד. פרישמאַן.

I.

אַ בוך איז יעדעס פרויען־האַרץ,
געמאַכט, עס צו פערגעסען;
דער רוב פון מענער לעזען'ס נישט,
זיי ווילען דאָרט נור בלעטערן.

מ. ג. זאַפיר.

---

א גאַנצער מענש ווערט ערשט דער מאַנספערשוין הויך ווייב און קינד.

געאָרג עבערס.

---

איין גליקליכע שעה אין זיין אייגען היים איז מעהר ווערט ווי די גאַנצע איבינע אומשטערבליכקייט.

מאָריס יאָקאי.

---

איז נור, ווי עס איז, מעגליך, אז די ערד זאָל זיין אַ הימעל, אַזוי איז זי עס אין דעם גליקליכען לעבען פון אַ פאָר־פאָלק.

מאריא פון עבנער־עשענבאך.

---

אין איהר אייגען הויז איז יעדע אמת'ע פרוי אַ קעניגען.

געאָרג בראַנדעס.

---

אין אַ וועלט, אין וועלכער אַלסדינג שאָקעלט זיך און וואַרפט זיך בעדאַרף מען אַ פעסטען פונקט, אויף וועלכעס מען זאָל זיך קענען שטיצען. אַזאַ פונקט איז דאָס איינענע היים, וואָס אַ מענש בויט זיך; דאָס היים איז אָבער נישט קיין פעסטער שטיין, ווי די וועלט זאָגט, נור אַ האַרץ איז עס. — דאָס האַרץ פון אַ פרוי.

י. מישעלע.

---

אמת, אז ליעבע ברייננט צום סוף אויך צרות, אבער פאר אלע ביטערע טרעהרען, וועלכע איך פערגיס, האב איך שוין גענומען פאראויס בעצאהלט דורך דעם ערשטען קוש. פריעדריך העבעל.

אפט איז א פרוי ווי די געזונדהייט. דעם אמת'ן ווערט פון איהר דערקענט מען ערשט דענסמאל, ווען מען האט זי פערלארען. טשארלס נאדריי.

א פרוי איז נישט אלע מאל גליקליך מיט דעם דאזיגען, וועלכען זי האט ליעב; אבער זי איז אלע מאל אומגליקליך מיט דעם דאזיגען, וועלכען זי האט נ י ש ט ליעב. קלויד טיליע.

א פרוי איז קיינמאל נישט מוחל אומטרייהייט, און זאל אפילו איהר הארץ טויזענד מאל אזוי וויך זיין ווי עס איז: זי קען דיר מוחל זיין, אז דו האסט זי פערגעסען; אז דו האסט פערבראכט איהר נדן; אז דו האסט זי שלעכט בעהאנדעלט, און אפילו אז דו האסט זי געשלאגען, — נור אז דו האסט דיר איין אנדערע אויסגעקליבען, וועט זי דיר קיינמאל נישט מוחל זיין.
יאראסלאוו ווהחליצקי.

ביי פרויען איז אלסדינג הארץ, אפילו אויך דער קאפ.
זשאן פויל.

ביי פרויען גליק האבען — דאס איז גאר נישט ווערט; דורך א י י ן פרוי גליקליך ווערען דאס איז אלעס ווערט. מאקסימיליאן בערן.

גאט האט עס אזוי איינגעארדענט, אז נור צוויי פרויען זאלען זיך מעגען בעשעפטיגען מיט דעם גליק פון דעם מאנספערשוין: זיין מוטער און די מוטער פון זיינע קינדער. הויך זיי ביידע, געבען איהם אנדערע פרויען נור נארישע אויפרעגונג און שמערצליכע לעבערליכע הלומות. אקטאוו פעליע.

גליקליך איז דאס פאר־פאלק דא, וואו דער מאן איז דער ק א פ און דאס ווייב דאס ה א ר ץ. פריעדריך הויג.

דאס אייזען איז שטארק — איז דאס פייער עס גובר;
דאס פייער איז שטארק — איז דאס וואסער עס גיבר;
דאס וואסער איז שטארק — איז די זון עס גובר;
די זון איז שטארק — איז דער וואלקען זי גיבר;
דער וואלקען איז שטארק — איז די ערד איהם גובר;
די ערד איז שטארק — איז דער מענש זי גובר;
דער מענש איז שטארק — זענען צרות איהם גובר;

די צרות זענען שטאַרק — איז דער ווײַן זײַ גיבּר;
דער ווײַן איז שטאַרק — איז דער שלאָף איהם גובר;
אָבער שטאַרקער פֿון אַלדינג איז די פֿרוי.

עטיאָפּיש שפּריכוואָרט.

---

דאָס צוזאַמענלעבען פֿון מאַן און ווײַב איז דער אָנהויב און דאָס ענדע פֿון דער גאַנצער קולטור. עס מאַכט דעם רויהען מענשען מילד, און אויך דער געבילדעטסטער מענש האָט נישט קיין בעסערע געלעגענהייט צו בעווייזען זײַן מילדקייט ווי נור אין דעם לעבען מיט אַ פֿרוי צוזאַמען. אויך וואָלט זײַן אַ יושר, אז מאַן און ווײַב זאָלען זיך קיינמאָל גאָר נישט שיידען קענען — דען דייער צוזאַמענלעבען ברײַנגט אַזוי פֿיעל גליק, אז אַלע אַנדערע איינצעלנע אומגליקספֿעלע האָבען דאַגעגען גאָר נישט קיין בעדײַטונג. איבערהויפּט וואָס איז דאָ צו רעדען פֿון אומגליק? עס איז נור איין אומגעדולדיג־זײַן, וואָס פֿאַלט אָן אַ מענשען פֿון צײַט צו צײַט, און דאַן געפֿעלט עס איהם זיך אומגליקליך צו פֿיהלען. זאָל מען אָבער לאָזען דעם אויגענבליק פֿאָראיבער געהן, דאָ וועט מען זיך גליקליך שעצען, אז דאָס, וועלכעס דויערט שוין אַזוי לאַנג, וועט דויערן אויך ווײַטער. צו שיידען (גט'ן) זיך איז קיינמאָל נישט פֿאַרהאַן קיין ריכטיגער טעם. דאָס מענשליכע לעבען איז אַזוי שטאַרק צוזאַמענגעפֿלאָכטען פֿון פֿרייד און לײַדען, אז עס איז גאָר נישט מעגליך צו בערעכנען, ווי ווײַט מאַן און ווײַב זענען פֿער'היב'ט איינס דעם אַנדערען. עס איז איין אייביגער חוב, וועלכער צאָהלט זיך אָב ערשט דורך די אייביגקייט. אומבעקוועם קען מאַנכעסמאָל דאָס לעבען צווישען מאַן און ווײַב זײַן — דאָס גלויב איך אייך, אָבער דאָס גופא איז אויך גוט. האָבען מיר נישט, למשל, אויך מיט אונזערן געוויסען התונה געהאַט, פֿון וועלכען מיר וואָלטען וועלען מיט פֿערגניגען אָפּט זיך שיידען און פֿון איהם לויז ווערען, ווײַל עס איז אונז אומבעקוועמער פֿיעל מעהר, ווי אַלע מיני מענער און אַלע מיני ווײַבער אויף דער גאַנצער וועלט? גאָטהע.

---

די נאַטור פֿון אַ פֿרוי איז ווי דער ים: ער בייגט זיך בײַ'ם קלייגסטען שוואַכסטען דרוק, און טראָגט די שווערסטע לאַסטען.

ראַסמוס ניעלזען.

---

די פֿרוי, וועלכע שטאָלצירט נישט מיט איהר געשלעכט, איז אַ קעניגען, וועלכע איז נישט ווערט איהר קרוין צו טראָגען.

העניי לוירענס.

---

די פרוי בליקט טיעף, דער מאן בליקט וויט. פאר דעם מאן איז די וועלט דאס הארץ, פאר די פרוי איז דאס הארץ די וועלט.

ה. ד. גראבע.

---

די פרוי, זאגט מען, איז שוואך און קען נישט דערטראגען צרות און זארגען; מיט ליעבע מוז מען אומגעהען מיט שוואכע און געפלאנטע. — א לינענד! א לינענד! די פרוי איז גראד אזוי שטארק ווי דער מאן, און אפשר גאר שטארקער.

סארען קיערקעגארד.

---

די פרוי וויל צום גרעסטען טהייל מעהר גליקליך מאכען ווי גליקליך זיין.

באגומיל גאלטץ.

---

די ליעבע פון מאן און ווייב איז אפט שטארק, שטארקער פון דער גאנצער וועלט; אבער אין דעם אונגעגליק, וואו איינער פוןביידע הויבט אן קשיות צו פרעגען און צו צווייפלען, דא איז א סוף מיט איהר; זי איז ווי א נאכטוואנדלער, וועלכער שפרייזט מיט דער גרעסטער זיכערהייט איבער די געפעהרליכסטע שטעלען; רופט מען אבער אן זיין נאמען דא פאלט ער אניעדער.

סארען קיערקעגארד.

---

די פרויען זענען א ליבליכער סוד, א סוד וועלכער איז נור פערדעקט, אבער נישט פערשלאסען.

נאוואליס.

---

די שענקייט פונ'ם פאמיליען-לעבען איז דאס בעסטע געגען-גיפט אנטקעגען די אויסגעלאסענקייט פון די מענשליכע זיטען.

רוסא.

---

דער גייסט פון דעם מאנספערשויז איז ווי זונען-העלער טאג, דער גייסט פון דער פרוי איז געגליכען צו א לבנה-העלער נאכט — דער פינסטערסטער טאג איז אבער העלער פון דער העלסטער נאכט. אבער דער טאג פערטונקעלט די שטערען און מאכט דאס גאנצע לעבען וואכענדיג, און די נאכט רופט ארויס אלע וועלטען און מאכט דאס לעבען הימליש. דער טאג ברייננט היטץ און טרוקעניש און שנאה; ער טרוקענט אויס אלדינג און מאכט אן א שנאה צווישען זאלכע וועלכע זענען זיך אם נאהענסטען, און אפילו צווישען זייערע שאטענס; די נאכט ברייננט וויינקייט און נחמה און ליעבע, און מעקט אויס אלע גרעניצען און איז משדך אלדינג וואס האט זיך פיינד און איז זיך פרעמד —

לודוויג בערנע.

---

דעם מענש איז דא אויף דער ערד נור דריטהאלבען מינוטען געגעבען: איינע אויף לאכען, איינע אויף זיפצען, און א האלבע אויף ליעבען, דען אין מיטען דער דאזינער מינוט שטארבט ער.

זשאן פויל.

---

וואָס איז דאָס אַזאַלכעס ? האָסט דו דאָפּון וועניג, קענסט דו עס אײנטהײלען צווישען פֿיעלע האָסט דו אָבער דאָפּון זעהר פֿיעל, קענסט דו עס גאָר נישט מעהר טהײלען ?

די פֿרוי ענטפֿערט : „דאָס איז די ליעבע".

מאַריס יאָקאי.

---

וואָס איז דאָס האַרץ פֿון אַ פֿרוי ? עס איז ווי דער אײבּיגער ים. ווייסט דו אפֿשר וואָס איז דאס וועלכעס בעוועגט זיינע חוואַלעס ? ווייסט דו וואָס עס ליעגט בעהאַלטען אין זיין טונקעל-גריענע טיעפֿעניש ? ווייסט דו וועלכען סוד עס זאָגען שטילערהייט די געפּאָלענע שטערען דעם גרויסען ווייטען וואַסער ? ווייסט דו וואָס עס פֿליעסט אין איהם הייס פֿון איין עק וועלט ביז צום אַנדערען ? ווייסט דו וואָס עס לייכט זיך פּלוצלינג דאַרין אין אַ טונקעלע נאַכט ? — ווען דו ווייסט דאָס אַלעס, ווייסט דו נאָך נישט, וואָס עס טהוט זיך אָב אין דעם האַרץ פֿון אַ פֿרוי...

מאַריס יאָקאי.

---

וואָס איז ליעבע ? — אַ לײדענשאַפֿט וועלכע לעגט אויף איין וואָגשאָל די גאַנצע וועלט מיט אַלעם וואָס געפֿינט זיך אין איהר, און אויף די אַנדערע וואָגשאָל לעגט זי גאָר נישט ווי נור דעם געליעבטען געגענשטאַנד אַליין.

נאַפּאָלעאָן I.

---

וָואס וָואלֶט אוּנז גֶעבּלִיעבֶּען
אִים קוּרְצֶען מֶענְשֶׁענְלֶעבֶּען,
וֶוען נאָט וָואלְט נִישְׁט גֶעבֶּען
דִי רוֹיזֶען אוּן דָאס לִיעבֶּען ?

וויקטאָר הוגאָ

וועה דעם מענשען, וואָס פֿרויען קענען איהם נישט היילען; וועה דעם אָרימען, וואָס פֿרויען קענען איהם נישט ב׳שענקען, און וועה דעם טרויריגען, וואָס פֿרויען קענען איהם נישט אויפֿהייטערן. לאָפּע דע וועגא.

---

טויזענד ראיות, וועלכע אַ מאַנספערשוין ברענגט דיר, זענען נישט אַזוי פֿיעל ווערטה ווי איין איינציג ריכטיג געפֿיהל פֿון אַ פֿרוי.

וואָלטייר.

---

נישט פֿאַר זיך, נייִן, צו לעבען פֿאַר אַנדערע איז די פֿרוי בעשאַפֿען. דאַרין וואָס זי בעגליקט אַנדערע, מוז זי געפֿינען איהר גליק. נישט הרויסען, נייִן דרינען אים שטילען הויז איז איהר בעשעפֿטיגונג און איהר וועלט.

הופּעלאַנד.

---

נאָר אום יוצא צו זיין אלע דעות, און רער עיקר, כדי צו געבען די מעגליכקייט אויך דעם פראָסטען עולם — פאר עטליכע פרוטות צו וויסען וואָס עס געשיעהט אין דער יודישער און אין דער אלגעמיינער וועלט, כדי אויך דעם אָרימען לעזער צו געבען א בעגריף פון לעבען, לערנען איהם צו טראכטען און צו פערשטעהן, אום ער זאָל קענען דערפון נוטצען ציהען אין זיין לעבען אלס מענש און אלס זוהן פון זיין פאָלק,

## האָבען מיר בעשלאָסען פאַן 1 יולי אָן

## ארויסצוגעבען דעם „יוד" אין א צ ו ו י י ט ע ב י ל י ג ע א ו י ס ג א ב ע

אַזוי אַז אויסער „דעם יוד" וואָס ערשיינט ביז היינט וועט

## יעדע וואָך ערשיינען ד ע ר י ו ד (צווייטע אויסגאבע)

וועלכע וועט קאָסטען א ביליגען פרייז וואָס איז נאָך ביז יעצט נישט געוועזען

## 2 רובעל א יאהר.

**„דער יוד" צווייטע אויסגאבע וועט ברענגען יעדע וואך דעם לעזער:**

א) קורצע ארטיקלען איבער פערשיעדענע לעבענספראַגען וואָס אינטערעסירען יעדען ידען. ב) פּאָליטישע נייעס. ג) ארטיקלען איבער היגעניע: געזונדהייט, ריינליכקייט און נייעס פון דער מעדעצין. ד) טעכנישע נייעס: נייטהיגע ידיעות פיר בעלי מלאכות. ה) וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען: פאפולערע ערקלערונגען איבער פערשיעדענע פראַגען אין דער נאטור. ו) כראָניק: פערשיעדענע נייעס אין לענדער און שטעדט. ז) ערצעהלונגען. ח) קאָרעספּאָנדענציעס: בריעף פון נאָהנטען און פון ווייטען. ט) פעלעטאָנען. י) פראַגען און ענטפערס: די רעדאקציע און די אדמיניסטראציע שטעהען בערייט צו געבען דעם לעזערן קורצע ענטפערס איבער פערשיעדענעס, וועלכע קענען איהם נוטצען ברענגען אלס יודען או אלס מענשען.

דער אבאָנענט פון דעם „יוד" צ ו ו י י ט ע ב י ל י ג ע ר ע א ו י ס ג אַ ב ע, האָט אויך דאָס רעכט אַזוי ווי דער אבאָנענט פון דער ערשטער גרויסער אויסגאַבע,

**פיר 1 רובל (מיט פּאָרטא 1.50 רובל)**

צו אבאָנירען דעם מאָנאַטליכען זשורנאל „די יודישע פאמיליע" וועלכער קאָסט 4 רובל אַ יאהר, און ער בעקומט אַלזאָ פיר 3.50 רובל (מיט פּאָרטא), יעדע וואָך אַ נומער „דער יוד" צווייטע אויסגאבע, יעדען חודש אַ ביכיל פון 4 באָגען „די יודישע פאַמילע".

דער פרייז פון דעם „יוד" צווייטע ביליגע אויסגאַבע אויף א האלב יאהר פון 1 יולי אָן ביז ענדע יאהר איז נישט מעהר ווי 1 רובעל. (מיט דעם זשורנאל „די יודישע פאַמיליע" פון אנפאַנגס יאהר אָן 2.50 ר' מיט פּאָרטא).

מיר מאַכען דעם פרייז פון דעם „יוד" צ ו ו י י ט ע א ו י ס ג אַ ב ע, אלס פראַבע בעזאָנדערס ביליג, אום צו זעהען אויב עס איז ווירקליך דאָ א קלאַסע, וועלכע בעניטהיגט זיך אין אַזא צייטונג, און פון דער ערפאַהרונג וואָס מיר וועלען געווינען הענגט אויך אָב די ווייטערע שריט וואָס מיר וועלען מאַכען.

**Administration „Der Jude". Krakau, Gertruda 16.** :די אדרעסע

Изд. Ахіасафъ, Варшава. — Verlag „Achiasaf", Warschau :פיר רוסלאנד

עס איז נישט פארהאנגען אויף דער וועלט קיין שום צרה, מאראליש אדער אייסערליך, וואס א פרוי זאל נישט זיין אים שטאנד זי לייכטער צו מאכען.
ביקאנספיעלד.

---

פרויען האבען קעניגרייכע אויפגעבויט און קעניגריכע חריב געמאכט; די וועלט־געשיכטע, דאכט זיך דאך, איז פון מענער געשריעבען, זי ווערט אבער פון פרויען דיקטירט. וועהרענד דער מאן איז שטארקער אין אלדינג (ער האט מעהר שכל, מעהר פערשטאנד, מעהר כח, מעהר איינזעהעניש, מעהר פעסטיגקייט, מעהר קראפט צום ווארטען), איז דער פרוי נור א קליין שוואך מיטעל געגעבען, אום דאס גאנצע שטארקער־זיין פון דעם מאן ווי א זאמדיל אוועק צו בלאזען — דאס איז איהר שיינקייט. מיט דעם קליינען שענען שפיטץ פונ'ם ראזאווע קליינעם פינגער'ל ווארפט זי אום דעם גרויסען שטארקען בוים, וועלכער האט געקענט גאנצע לאנגע טעג בעשטעהן אנטקעגען די האק; דער פעסטער בעשלוס ווערט צורונען, ווען זי מאכט אויף איהר אויגען־ליד; ווען עס ציטערט איהר ליפ, גיט אויף דער מאן זיין גאנצע וועלט און זיך אליין. אלפרעד פריעדמאן.

---

צווישען מאן און ווייב מאג נור דער הימעל, אבער נישט קיין פרעמדער מענש שלום מאכען. אדם עהלענשלעגער.

(ענדע קומט).

5298

**БЕРЕЗОВЫЙ КРЕМЪ**

приготовленъ въ Лабораторіи **А. Энглундъ.**

**Средство противъ веснушекъ, желтизны, пятенъ, красноты и проч.**

Цѣна за фаянсовую банку 1 руб. съ перес. 1 р. 50 коп.

**Завѣдующіе Лабораторіею докторъ В. К. Панченко и А. К. Энглундъ.**

Для предупрежденія поддѣлокъ прошу обратить особенное вниманіе на подпись **А. ЭНГЛУНДЪ** красными чернилами и марку **С.-Петербургской Косметической Лабораторіи,** которыя имѣются на всѣхъ препаратахъ. Получать можно во всѣхъ лучшихъ аптекахъ, аптекарскихъ, косметическихъ и парфюмерныхъ складахъ Россійской Имперіи. Главныя агентства и склады фирмы для Европы: **Эмиль Беръ,** Гамбургъ, для Южной и Сѣверной Америки: Л. Мишнеръ, Нью-Іоркъ. Главный складъ для всей Россіи **А. ЭНГЛУНДЪ, С.-Петербургъ, Бассейная ул., 27.**

**„מעטאמארפאזא“**

דאָס בעסטע קאסמעטישע מיטעל נעגען זו־מער־שפּראסען, מאכט דאס געזיכט ריין און צארט.

אלס איינציגער בעוויז פוּ עכטקייט איזט דער אונטערשריפט: *Cazimi* אהנע דען אונ־טערשריפט איזט געפעלשט, ווירד אין אלע אפּאטהעקען און פּערפום־געשעפטען פערקויפט




דער הויפּט־פּערקויף איזט אין האנדעלס־הויז י. ב. סגל, ווילנא—אדעסא.

אין בעטראכט פון געפעלשטע „מעטאמארפאזא“ האט דער ערפינדער „קאזימי“ א נייעם ריסונעק אויף די פלאקאטען צוגעגעבען: „די קוועלע פון שיינהייט מעטאמארפאזא“ בעשטעטיגט פון האנדעלס און מאנופאקט. דעפּארטאמענט נו׳ 4683 וועלכער ווירד אין אילוסטרירטע זורנעלע פובליקירט ווערדען.

# שפיגעל פאבריק ל. אידעלזאק, ווארשא

ביעלאנסקא נו׳ 1

עמפפעהלט זיין גראָססעס לאגער פון שפיגעל, שפיגעלגלאס. טרוימאס אין דעטאיל אונד ענגרא.

## פריילינגען אונד דאמען

קענגען זיך אויסלערנען גוט שניידען אונד נייהען אין אַ קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאָן, רוסיש אונד דייטש. די מעטאָדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעד־כען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה אַ מארקע. ניט זאמט אונד פרעגט אן ביי

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד!!!

אדריסתי היא רק בת ג׳ מלים:

Я. Найдичъ, Варшава.

פראספעקט ישולח חנם לכל דורש.



„DIE JÜDISCHE FAMILIE“ — Monatschrift.
Verlag „Achiasaf“. – Verantwortlicher Redacteur Josef Fischer, Krakau.
Druck von Josef Fischer in Krakau.